אפרים שרײַער

# פרילינגס בלעטער



ISBN:0-657-11890-7

אפרים שרייער

# פרילינגס־בלעטער

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישׂראל

תּל־אביב 1981

# א י נ ה אַ ל ט

## ווייסל־נימפע

אין חודש מיי, ווען די נאַטור באַנייט זיך נאָך דער ווינטער־פּאַרקאָוועטקייט און אַלץ הויבט אָן שפּראָצן, דאָס גרינס אויף די פעלדער, די בליטן אויף די בוימער, וועקן זיך אויך פרילינגס־לײדנשאַפטן, זעלישע לויטערקייט, יוגנט־באַגערן שפּאַרן אין די נשמה־טיפן, פריידיקע שטימונג, מילד געמיט, אָפּטימיזם אָן אַ פאַרוואָס פולן אָן די געפילן.

די שיין פון דער אויפגײיענדיקער פרילינגדיקער זון האָט געבלענדט, אירע שטראַלן האָבן זיך אַרײנגעריסן דורך די שויבן־פענצטער און געטאַנצט אויף דער וואַנט און דיל. אַרום — אַן אָנגענעמע שטילקייט, ס'הערט זיך דאָס מאָנאָטאָנע זשומען פון אַ פליג אַן אויפגעוועקטע נאָכן ווינטער־שלאָף, וועלכע דרייט זיך אין קרייז פון די זונען־שטראַלן. אַ שטילער מאָנאָטאָנער קלאַנג פון די קלויסטער־גלאָקן וועקט צו מאָרגן־באַגין.

אין די פריע מאָרגן־שעהען זענען די גאַסן נאָך ליידיק

און שטיל. די שטילקייט פלעגט איבערגעריסן ווערן דורך די טריט פון די מאַרשירנדיקע פּאָרוויז, ווייס־מונדירטע שילערינס פונעם מיידלשן אינטערנאַט ביים לערער־סעמינאַר, באַגלייט פון נזירות. איך פלעג זיי שטענדיק אָבסערווירן בעתן דורכ־מאַרשירן.

אין איינעם אַזאַ פרימאָרגן האָב איך באַמערקט צווישן די מאַרשירנדיקע סטודענטינס אַ שילערין, וואָס האָט זיך אויס־געטיילט פון די איבעריקע, מיט איר ווּקס און גראַציעזער מיידלשער האַלטונג.

די יינגע מאָרגן־זון האָט באַהעלט איר פיגור, גאָלדיק פאַרגאָסן איר געזיכט און אירע פונאַנדערגעלאָזטע קופּער־העלע האָר, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אירע שמאָלע אַקסלען.

דער שפּילעוודיק־בלענדנדיקער רעפלעקס אויף די פּאַס־טעל־ווייכע פיינקייטן אין איר אויסזען האָט פאַרכאַפּט מיין דמיון און געשפּינט אַסאָציאַציעס צו די פאַרשידנסטע אילוזאָ־רישע געשטאַלטן אין דער לעגענדע. זי האָט זיך אין דער פאָרשטעלונג מיינער געצייכנט אַלס די געשטאַלט פון וואַנדאַ אין דער ווייסל־לעגענדע.

איך פלעג אָפּט אָפּוואַרטן איר פאַרבייגיין און זיך באַצוי־בערן פון איר דערשיינען.



דער אויסבליק פון די פענצטער פון אונדזער הויז האָט געפירט אַריבער דער גאַס, ווייטער — אַ גאָרטן צו דער אַנט־קעגנאיבערדיקער געביידע פון אינטערנאַט. די הויכע גרויע ווענט פון דעם בנין האָבן מיר שטענדיק געשטערט, זיי האָבן

פאַרשטעלט פאַר די אויגן דעם האָריזאָנט. אָבער זינט דעם מאָמענט, ווען פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט די „וואַסער־נימפע", זענען די גרויע ווענט פונעם סעמינאַר מיר ליב געוואָרן, ווי אַ פאַרבאָרגענע געהיימניש וואָלט זיך פאַרשטעקט הינטער אָט די ווענט פונעם אינטערנאַט און אַ נייגיר האָט גערייצט און געצויגן.



אויף דער וואַנדערונג פון אַ קרייז ביי דער אָרטיקער גימנאַזיע, האָב איך צוגעשטימט העלפן זיי צוצוגרייטן די דעקאָראַציעס צו דער אויפפירונג „פּאָוורוט פּאָסלוּוו גרעצקיך" (דער אומקער פון גריכישע געזאַנדטע) פון פּוילישן קלאַסיקער יאַן קאָכאַנאָווסקי.

ביי דער ערשטער פּראָבע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פעלט די אַנטשפּרעכנדיקע געשטאַלט פאַר דער הויפּט־ראָל. אין מיין מחשבה האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַז פאַר דער קלאַסישער געשטאַלט, לויט דער אויסערלעכקייט, וואָלט זייער געפּאַסט יענע „ווייסל־פּרינצעסין". איך האָב דעם געדאַנק פאָרגעלייגט. דער לייטער פונעם קרייז, דער לערער פּאַפּירמאַן, האָט מיין פאָרשלאַג אָנגענומען. ער האָט זיך פאַרבונדן מיטן סעמינאַר און האָט באַקומען זייער צושטימונג.

פון אָנהויב פלעגט זי קומען אין באַגלייטונג פון אַ נזירה, דערנאָך אויך אַליין.

פאַר מיר האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון הנאה, פיבערדיקן אומרו פון אָפּוואַרטן.

מיך האָט פאַרכאַפּט איר שיינקייט. אַלץ וואָס כ'האָב אין די נעכט אויספאַנטאַזירט אין מיין דמיון כדי איר מאָרגן זאָגן, איז ביי איר אָנוועזנהייט צערונען געוואָרן.

אויפן ערשטן אויגנבליק האָט זיך אין איר געמערקט באַשיידנקייט, צוריקגעהאַלטנקייט, גלייכגעוויכט, אָבער דאָס איז געווען אַן אויבנאויפיקער רושם אין דער קאָנווענציאָנעלער האַלטונג, — אין איר אויסערלעכקייט. אין די אייגנאַרטן פון איר קאָמפּליצירטער נאַטור האָבן געווירקט טריבן פון קאָנ־טראַסטעליידנשאַפטן, יוגנטלעכע טראַצקייט, פאַרלאַנגען און פאַרלאַנגען ביז קאַפּריז, אָט די פאַרשידנאַרט ביי איר האָב איך אַזוי ליב באַקומען.

פון איר פלעגט שטורעמען צאָרן, ווידערווילן קעגן דער שטרענגער דיסציפּלין, דער געצוימטקייט, — דער אויפזיכט פון די נזירות.

— איך פאַרטראָג נישט, — פלעגט זי זיך כעסן, — די פאַרשערישע בליקן פון די „הייליקע״ נזירות.

אַ פריידיקע קוואַלענדיקייט, שפּאַסיקייט ביז קינדערישער־פאַרשאַרטקייט האָט געשפּרודלט אין איר טעמפּעראַמענט. הגם זייער פריינדלעך, צוגעלאָזט, פלעגט אָבער טייל מאָל שאָקירן איר איבערגעטריבענע עמפּינדלעכקייט, דער שטאָלץ אין איר האַלטונג און דער אופן איר רעאַגירן. אוממיטלבאַר־די־רעקט האָט געלויטערט דער העל־בלוי פון אירע אויגן.

אין דעם ווייסן מיט גאָלד באַצוימטן גריכישן לבוש פון איר קרעאַציע, האָט זי אויסגעזען קלאַסיש.

אין גוטמוט האָט זיך צו מיר, אויף איינער פון די פּראָבן, געווענדעט דער לערער פאַפּירמאַן:

— דאָס האָט איר דאָך זי פאַרגעלייגט פאַר דער קרעאַ־ציע, — האָט ער שפּאַסיק געזאָגט, — קוקט זיך גוט איין אין איר פּראָפיל, קיין סימן פון גריכישע שטריכן. אירע קופּער־העלע האָר קען מען ווי עס איז ענדערן, אָבער וואָס קען מען מאַכן מיט אירע בלויע אויגן און געטאָקטער נאָז ?

— דערמאָנט זי אייך נישט, — האָב איך אין זעלבן שפּאַ־סיקן טאָן געענטפערט, — אין אַ צווייטער געשטאַלט, אין דער ווייסל־נימפע, — וואַנדאַ?

אונדזער דיאַלאָג האָט זי געוויילט.

— ווי ווּנדערלעך דאָס זאָל אייך נישט פאַרקומען, — האָט זי געזאָגט, — איז מיין נאָמען ווירקלעך וואַנדאַ.

— דאָס האָט איר מיך פאַרגעלייגט פאַר דעם ראָל? מיין אויפריכטיקן דאַנק אייך. פון וואַנען אָבער דער איינפאַל? איר קענט דאָך מיך נישט, כ׳בין נישט פון אייער שטאָט, אַ פרעמדע דאָ.

— דערפאַר האָב איך אייך פאַרגעלייגט, כדי זיך מיט אייך באַקענען.

— טעאַטער איז, האָט זי ענטוזיאַסטיש אויסגערופן, — מיין חלום! — באַלעט, ריטמיק. מיינע עלטערן ווילן אָבער אַז איך זאָל ווערן אַ לערערין, אַ דערציערין. דאָס פּאַסט, זאָגן זיי, פאַר אונדזער שטאַנד.

אַ גוטע קלאָרע דיקציע האָט באַגלייט דעם גענוספולן טאָן פון איר שטימע. זי האָט פריי געלייענט טעקסט, — סקאַנדירט.



די פאַרשטעלונג איז אַדורך בשלום. אָבער צו מיינע אַנגענעמע באַגעגענישן האָט גענומען אַ סוף. די „נימפע״ איז ווידער פאַרשוווּנדן אונטער די גרויע וועגט פון אינטערנאַט.

זינט יענע טעג האָבן מיר זיך געמוזט באַגנוגן מיט צע־טעלער און בריוולעך. אין די פאַרנאַכטן פלעג איך זיך פאַרגנ־בענען דורכן גאָרטן צום בנין פון סעמינאַר און זיך אויסבאַ־האַלטן צווישן די ווילדע וויין־בלעטער, וואָס האָבן געקלעטערט

אויף די ווענט און פון דאָרט פלעגט אַ בריוול צוגעבונדן צו אַ שטיינדל פירן אַרויף און אַראָפּ דורכן פענצטער אונדזער קאָרעספּאָנדענץ. דער „אינקאָגניטאָ״ פלעגט מיך ווײַלן און ער האָט פאַרמאָגט אַ סך רייץ.



דאָס שול־יאָר האָט זיך געענדיקט און ס׳זענען אָנגעקומען די פעריען. וואַנדאַ, ווי אַלע איבעריקע פון אַנדערע שטעט האָט זיך געקליבן צו פאָרן אַ היים צו אירע עלטערן.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן בײַ דער נאָענטסטער סטאַנציע פּאַלאַהיטש, פון מיין שטעטל טאָלמיטש פלעגט אַהינצו קורסירן אַ לאָקאַלע באַן, די „לאָקאַלקע״.

ביים טרעפן זיך אויף דער באַן־סטאַנציע אין פּאַלאַהיטש, האָט וואַנדאַ אויסגערופן: — דאָס מאָל וועל איך „פאַרשפּע־טיקן״ די באַן, און מיר וועלן האָבן אַ געלעגנהייט איניקע שעה צו פאַרברענגען!

דער טאָג אַ זומערדיקער, אַ זוניקער. איבערן בלויען הימל האָבן געשוועבט ווייסע וואָלקנדלעך ווי דורכזיכטיקע געהאָפּ־טענע טיכלעך. די לופט איז געווען אַ ביסל שווערלעך ווי ערב אַ רעגן. מיר זענען געגאַנגען לענגאויס אַ תבואה־פעלד צום נישט ווייטן וועלדל. די צייטיקע זאַנגען האָבן אונדז געשמיסן אין די פּנימער. וואַנדאַ האָט איבערן וועג געריסן די בלויע און רויטע פעלד־בלומען. דורך דעם דורכזיכטיקן בלויען קלייד האָט אַזוי בולט זיך געצייכנט די באַוועגלעכקייט פון איר פיגור, אירע האָר האָבן געשויבערט, פאַרשטעלט דעם אָוואַל פון איר אָפּגעברענטן געזיכט און די עלאַסטיש־הייטערע באַוועגלעכ־קייט האָט שוועבנדיק געמאַכט איר גוף.

מיר זענען אָנגעקומען אין וועלדל. די געדיכטע צווייגן האָבן פאַרשטעלט דעם הימל, ס׳האָט אַרומגעהילט אַ קילע שאָטנדיקייט, די שטילקייט האָט איבערגעריסן דאָס פּיקן אין די בוימער פונעם פּיקהאָלץ־פויגל און דאָס פלינקע שפּרינגען פון די וועווערקעס פון צווייג צו צווייג.

אַ צופרידענע, אַ צעשמייכלטע איז וואַנדאַ, געלאָפן, געשפּרונגען, אויף אויסנווייניק געלייענט די שטעלן פון איר קרעאַציע און אין איין אויגנבליק, האָפּ, האָפּ, אַ פלינקער שפּרונג און זי איז שוין געזעסן אויף אַ צווייג פון אַ בוים. כ׳האָב זי געפאַנגען, אַרומגענומען איר שמאָלע טאַליע און זי אַראָפּגענומען פונעם צווייג. מיר האָבן אויסגעזוכט אַ באַקוועם אָרט און זיך אַוועקגעלייגט. די צעוואַרעמטע גראָזן און בלומען האָבן מחיהדיק געשמעקט און אַרום האָט זיך געטראָגן דאָס טשוויטשערייַ פון די פייגל.

— מיך וואַרט, — האָט וואַנדאַ מיט אָנשטעלערישן זיפץ איבערגעריסן דאָס שווייגן, — אַ שווערער וויכוח מיט מיין פאָטער, — איך וויל לערנען טעאַטער. כ׳וועל אָנטרעפן אויף אַ האַרטן ווידערשטאַנד, איך ווייס עס. זי האָט דאָס געזאָגט אין אַ טאָן ווי ס׳וואָלט זיך איר האָבן פאַרבענקט נאָך אַ שטיקל סקאַנדאַל, אַן אַוואַנטורעלע, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פון זיין געצוימט אין די ד׳ אמות פון דער אינטערנאַט־דיסציפּלין.

— די אַטמאָספער אין דער היים, האָט זי פאָרגעזעצט, — איז שוין פריער אויך געווען אַן אָנגעשטרענגטע, מיין עלטערע שוועסטער האָט זיך פאַרליבט אין אירן אַ יידישן שול־קאָלעגע.

— מיין פאָטער איז אַ פרומער קריסט, אַ ריכטער אין שטאָט. הגם ער לעבט בשלום מיט אַלע יידישע שכנים, וועלכע רעספּעקטירן אים. אָבער אין דער פראַגע האָט ער זיין מיינונג. ער איז קעגן די געמישטע חתונות.

— ווי איז אייער מיינונג, אַלס צוקונפטיקע דערציערין?

— דעם אמת געזאָגט, האָב איך קיין מאָל וועגן דער פראַגע נישט געטראַכט. מיינע שול־חברים און אויך אייניקע פון די לערערס זענען געווען יידן. פאַראַן, זאָגט מיין פאָטער, אַ באַשטימטע „אַנדערשקייט" ביי יידן, וועלכע טיילט זיי אָפּ פון אונדז.

— אַן אַנדערשקייט? אין וועלכן זין, בעסערן אָדער ערגערן?

— ניין, נישט דאָס האָט ער געמיינט. אַנדערש, איר פאַרשטייט, — די אמונה, די קליידונג, די זיטן...

מיט אַן אָפּגעבראָכן צווייגל האָט זי שטיפעריש געפירט מיט די בלעטער איבער מיין פנים. מיידלשע פאַרשעמטקייט האָט אַרויסגעבליקט פון אירע אויגן אונטער די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן־דעקלעך, ליידנשאַפט האָט געפיבערט אויף אירע דורשטיק־פייכטע ליפּן און אונטערן דינעם געוועב פון איר קלייד האָבן געצאַפּלט אירע יונגפרויִשע ברוסטן. מיט ליבשאַפט האָב איך געגלעט די פאַסמעט פון אירע גאָלד־קופּערהאָר און מיט צאַרטקייט געקלאַמערט אירע הענט.

— וואָס וואָלט געווען, ווען אין דעם מאָמענט וואָלט מיך מיט אייך געזען מיין פאַטראָנעסע מאַריאַ, וועלכע היט אַ גאַנץ יאָר מיין צניעות? ווי גוט עס איז צו זיין פריי, אומגעשטערט פריי!...

וואַנדאַ האָט פון איר טאַש אַרויסגענומען אַן עפּל פון וועלכן מיר האָבן ביידע געביסן און געקוויקט זיך מיט זיין זאַפטיקייט.

שנעל, גאָר שנעל האָבן זיך געענדיקט די פּאָר קורצע שעהען פון אונדזער פאַרברענגען צוזאַמען. אַ לאַנגער פּייף

פונעם אָנקומענדיקן לאָקאָמאָטיוו האָט אונדז דערמאָנט אַז מען דאַרף זיך געזעגענען.

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ קורצע צייט פאַרן מלחמה-אויסברוך צווישן היטלער-דייטשלאַנד און דעם סאָוויעטנפאַרבאַנד, בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי קיין טשאָרטקעוו. דאָ איז געקומען אַ באַפעל און איך צוזאַמען מיט מיין 46-טן באַטאַליאָן וו. נ. אָ. ס. האָבן אָפּגעמאַרשירט אין דער ריכטונג צו דער אַלטער פויליש-סאָוויעטישער גרענעץ.

די טעג זענען געווען זוניק-לויטערע, די תבואות אויף די פעלדער נאָך נישט אַראָפּגענומענע. די לאַנען האָבן געגרינט, אוקראַאינישע פויערטעס האָבן געמיטלעך געאַרבעט אין זייערע גערטנער.

מיר זענען פאַרביי געגאַנגען דאָס דאָרף וואַסילקאָווצע נעבן קאָפּיטשיניץ. ווי קאָנטיק נאָענט איז מיר געוואָרן יענע דאָרפס-פאַנאָראַמע. אַלט זייענדיק 17 יאָר בין איך אַהינצו געפאָרן מיט אַ גרופּע חברים פון „השומר-הצעיר" אויף הכשרה. דאָס זעלבע צערקוועלע, די זעלבע לאַנען און גע-דרייטע שמאָלע וועגן, דאָס זעלבע ריטשקעלע האָט שטיל געפלאָסן. אַ שלל דערמאָנונגען, איבערלעבונגען.

מיר זענען אָנגעקומען קיין הוסיאַטין, די פריערדיקע פויליש-סאָוויעטישע גרענעץ-שטאָט.

די מלחמה האָט שוין געהאַט אויסגעבראָכן. די בהלה איז געווען גרויס. ציווילע און זעלנער, וועגענער מיט גאַנצע משפחות און פוסגייער האָבן געשטראָמט צום שמאָלן וואַסער-פלוס, כדי אַוועקצוואַנדערן טיף אין אוקראַינע.

אונדזער באַטאַליאָן איז אויך אַריבער אויף דער צווייטער זייט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ באָמבאַרדירונג פון די דייטשישע

עראָפּלאַנען. זעלנער און ציווילע פוןביידע זייטן האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, איבערצווואַרטן.

ליגנדיק אַ מידער, דערשיטערטער, צוגעשמידט צום באָדן, האָב איך פון ווייטן, האַרט ביי דער צווייטער זייט פון ברעג, באַמערקט ליגן אַ פרוי מיט אַ קינד צוגעטוליעט צו זיך.

אין ערשטן מאָמענט האָב איך זי נישט דערקענט. כ׳האָב זיך גוט איינגעבליקט — וואַנדאַ. כ׳האָב אויפגעציטערט פון איבערראַשונג. כ׳האָב געזען אירע צעשראָקענע אויגן. זי האָט זיך אין די היפשע פאָר יאָר נישט קיין סך געענדערט, זי איז נאָר געוואָרן ערנסטער, פרוייִשער.

זי האָט מיך נישט באַמערקט. רופן איר נאָמען האָב איך נישט געטאָרט און נישט געקאָנט. באַלד איז אויך געקומען אַ באַפעל אָפּצומאַרשירן.

אין יענע מינוטן האָב איך דערפילט, אַז היים איז שוין — פאַרגאַנגענהייט. די האַרטע זעלנערישע טריט אינעם מאַרש האָבן פאַרהילכט און פאַרטעמפּט אין מיר די געפילן, וועלכע איך האָב אָקערשט מיט איייניקע מינוטן פריער איבערגעלעבט.

# די מאַדאָנע

פֿאַרבייגייענדיק דאָס הויז וווּ יאַנקאַ האָט געוווינט, פֿלעג איך שטענדיק לענקען מיינע בליקן צום האַלב־פֿאַרצויגענעם פֿירהאַנג פֿונעם אָפֿענעם פֿענצטער. מיט פֿיבערדיקן נייגיר פֿלעג איך לאַנגע מינוטן אָפּוואַרטן, כּדי צו קענען באַמערקן איר סילועט, איינקוקן זיך אין יעדן קער און ווענד אירן. אַ פּאַרגאָס פֿון פֿאַרשעמטער אומבאַהאָלפֿנקייט האָט אויפֿגע־ציטערט אין מיר ווען כ׳פֿלעג זי דערזען. עס פֿלעגן מיך באַ־צויבערן די קלאַוויר־קלאַנגען, וועלכע האָבן זיך געטראָגן פֿון איר צימער. יאַנקאַ איז געווען פֿאַרליבט אין די עטיודן פֿון שאָפּען, וועלכע זי פֿלעגט אָפֿט מוזיצירן.

די פֿאַרשידנסטע תּירוצים פֿלעג איך צוטראַכטן צו באַ־רעכטיקן דאָס צו אָפֿטע פֿאַרבייגייען איר הויז. טייל מאָל פֿלעגט מיך פֿאַרפֿאָלגן אַן אומווילן צו זען זי, — אַ געפֿיל פֿון טראָציקייט, נישט צוליב טאָן זיך, גובר זיין די אייגענע שוואַכ־

קייט. אין די טיפענישן פון מיין צעשויבערטן געמיט האָט געצוימט עפּעס אַן אָפּהאַלט, ווי כ׳וואָלט געוואָלט דערוווּיטערן פון זיך דעם פּיינלעכן פּלאָנטער.

איך פלעג מאַכן באַמיונגען נישט צו לאָזן מערקן אויף זיך מיין צערודערטקייט, ס׳זאָל אין מיין סביבה ביי קיינעם נישט אַרויסרופן קיין רמז, קיין שום פאַרדאַכט איבער מיין אומרו. דאָס האָט נאָך מער פאַרטיפט די איבערלעבונג, די אינטימ־קייט פון סוד.

בעתן צוגרייטן די שול־אויפגאַבן, אָדער אין די לאַנגע שלאָפלאָזע נאַכט־שעהען פלעג מיין צעפלאַמטער דמיון האַ־לוצינירן סיטואַציעס, טרעפונגען און שמועסן מיט איר. פאַר־שטעלערישע אילוזיעס וועגן אין איינעם פאַרברענגען,—פלעגן מילדערן, באַרויִקן, איינדרימלען אין מיר די באַגערן.

איך פלעג יאַנקאַן באַגעגענען בעת זי פלעגט פאַרבייגיין לענגאויס דעם פאַרק אין דער ריכטונג פון שול, אָדער אין די זונטיק־פרימאָרגנס צום טעניס־פּלאַץ.

נישט אַזוי דער רייץ צו איר פרוויִשקייט האָט לכתחילה געוועקט מיין ליבשאַפט צו איר. יאַנקאַ האָט באַווירקט מיט דער פּיעטעט פון איר אוממיטלבאַרער אויסערלעכקייט, מיטן שאַרם פון דער נאָבעלער באַשיידנקייט. די שוועבנדיקע באַ־וועגלעכקייט, די באַפליגלטע לייכטקייט פון איר גאַנג האָבן געוועקט אַ דורשט, אַן אומאויפהערלעכע בענקעניש. יעדעס מאָל ווען כ׳פלעג זי זען פאַרבייגיין, איז מיר פאַרגעקומען ווי אַן אָפּגעפרישטע נייקייט וואָלט געווייעט פון איר געשטאַלט.

צום ערשטן מאָל איז מיר אויסגעקומען צו שטיין אין איר נאָענטקייט בעת אַ לוויה פון אונדזערן אַ לערער, מיט פאַר־גאַפטקייט האָב איך זיך איינגעבליקט אין איר און בין אַזוי

צעטומלט געוואָרן, אַז אין יענעם מאָמענט האָב איך קוים באַנומען דעם גאַנצן אַרומיקן טרויער־צערעמאָניאַל.

כ׳האָב דערשפּירט אַ פּלוצעמדיקע ענדערונג: אַ זינלעכע רייצונג האָט אויפגעוואַכט אין מיינע בלוטן און דאָס טרוימער־ריש־אילוזאָרישע געפיל האָט ווי אָפּגעטראָטן. ס׳האָט געצויגן, גענאָגט דאָס מיידלשע, די קערפּערלעכע גראַציע אירע.

אין שאָטן פון געדיכטן בוימער־גרין האָט זיך געזען דאָס נישט גרויסע פאַרטער־הויז מיט דער ברייט־געגלאָזטער פראָנט ווערענדע פון יאַנקאָס עלטערן. פאַרזיכטיק, האָט זי געשטעלט אירע דראָבנע טריט, כדי נישט צו באַשעדיקן די בלומען־בייטן פון ביידע זייטן פון דער שמאָלער סטעזשקע וואָס האָט געפירט צום האָלץ־געשניצטן טירל פון פאַרקן און פון דאָרט צום שאָסיי.

פון זייער הויז צום טעניס־פּלאַץ האָט געפירט אַ פאַר־קירצטער וועג, אָבער יאַנקאָ פלעגט פאַרלענגערן דעם וועג און גיין דורך דער פאַראַדנער גאַס, דאָ און דאָרט זיך אָפּגע־שטעלט, פאַרהאַלטן פון קאָלעגן סטודענטן. אַ גרוס, אַ בליק, אַ פריידיקער שמייכל האָבן באַגלייט אירע טריט.

פרומע קריסטן פלעגן צווישן זיך בסוד, פון מויל צום אויער, איבערגעבן, אַז אין קלויסטער, ביים צלמען זיך בעת דער תפילה, זענען אירע האַנט־באַוועגונגען רמזים אָפּצו־שמועסן זיך אַ טרעפונג מיט דעם אָדער יענעם פון אירע קאָלעגן און אויך, אַז אין די שפּעטע אָוונט־שעהען, — פלעגט מען דערציילן, — קען מען זי טרעפן אין די געדיכטע וואַסער־קוסטעס ביים הינטערשטאָטישן טייך, פאַרברענגען אין אינטימע תענוגים.

מיך פלעגן די סברות און גערעדערייען פאַרדריסן און

שאָקירן און דאָס פלעגט אין מיר יעדעס מאָל וועקן קנאה, אַפילו ווען איך האָב געצווייפלט אין דעם אמת פון די אַלע רייד.



אַ נחת־רוח, אַן עסטעטישער גענוס איז געווען איינצו־בליקן זיך אין איר אויסגעאיידלטן געזיכט, אין דער באַהנטער פאַרשעמטקייט פון אירע אויגן, איינצוהערן זיך אין וואַרעם־שטילן טאָן אין וועלכן ס׳האָט זיך געפילט קולט צום וואָרט. אַ זעלישע שיין האָט אויפגעשטראַלט פון איר סובטעלן אויסזען.

אַ שאָד — פלעג איך טראַכטן, — פאַר וואָס איר פנים געפינט נישט אַ תיקון אין אַ געמעל פון אַ קינסטלער, אַ מאָדעל פאַר אַ מאַדאָנע.

פאַסטעראַלע פייניקייטן האָבן באַזעלט יעדן שטריך, גרי־מאַס פון איר געזיכט, יונג־פרויִשע אומשולד, שפּילעוודיקער חן. אירע שמאָלע אַקסל־רונדקייטן האָבן אין זעלטענע פּראָ־פּאָרצן האַרמאָניזירט מיט דער גראָדער ליניע פון איר ווייס־גלאַטן האַלדז, מיט די צאַפּלדיקע קײלעכדיקייטן פון אירע קליינע ברוסטן אונטערן דינעם געוועב פון איר בלוזע.

אינעם אָוואַל פונעם עטוואָס בלייכן געזיכט האָבן ראָזעווע יצר־הרע בלאָטערלעך, סימנים פון פאַרבאָרגענע גליסטונגען, געשפּראָצט. די פאַיאַנס־דינע אויגן־דעקלעך האָבן אָנגעגעבן אַ מין פאַרחלומטקייט דעם טונקל־ברוין, וועלכער האָט מיט אַ מאַט־גלאַנץ פון איידלשטיינער אַפירגעקוקט פון אירע אויגן.

זייד־ווייכע, גלאַטע שאַטען־האָר האָבן געגרייכט ביז אירע אַקסלען. איינצלנע פאַסמעס האָר פלעגן זיך שלענגלען נעבן

אירע אויערן־לעפלעך, באַצירטע מיט מאַט־ווייסע פּערל־קיילעכלעך, וועלכע פלעגן אַרויסרופן אין מיר אַן אילוזיע פון די וווּנדערלעכע בליטן, — די אין מיט־זומער אויפגייענדיקע קליינע, ווייסע קאָנוואַליע־בלומען, איינגעטוליעטע און אַרומגעהילטע מיט לאַנגע שמאָלע שפּיציקע בלעטער. די צאַרטע דופטן פון קאָנוואַליע האָבן געוועקט תשוקה. די זיסע דינקייט פון ריח האָט געפּאַנגען מיין געמיט, אָפּגעפרישט איינגעדרימלטע בענקשאַפטן. דער דאָזיקער ריח דערמאָנט מיך תמיד זי — יאַנקאַ.



די געגנט פון קאַסעוו־קיטעוו און די הוצולישע דערפער ריטשקאַ, זשאַביע — זענען באַשאָנקען מיט אַ שיינער באַצויבערנדיקער נאַטור־פּאַנאָראַמע.

מיין רייזע אין דער געגנט.

פאַרנאַכט. די זון פאַרגייט. בלוי־גרין און פיאָלעט האָבן באַשאָטנט דעם נישט הויכן באַרגיקן אַרום. דער פּראָפיל פון די בערג האָט אין אַ בולטער שאַרפקייט קאָנטראַסטירט מיטן בלאַס־רויט און געלע שפּורן פונעם זון־פאַרגיי.

אין דער אידיליע פון דאָרפישער שטילקייט האָבן זיך פון וויטן געטראָגן כליזמר־ניגונים. צעטאַנצטע פּאָרלעך, ביי צעצונדענע פייערן, אין זייער פאַרביקער פאָלקס־טראַכט האָבן אויסגעטאַנצט און אויסגעזונגען זייער הוצולישע דאָליע און ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ האָט דער קאַראַהאָד זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם זילבער־גרינעם שויס פון צעכוואַליעטן טייך.

אין יענעם אָוונט האָב איך באַקענט אַ גרופּע מאָלער פון בעלגיע, צוויי פרויען און אַ מאַן, וועלכע זענען געקומען זוכן מאָלערישע מאָטיוון פאַר זייער רעליגיעזער טעמאַטיק.

אין מיין דמיון האָט אויפגעטויכט די געשטאַלט — יאַנקאַ, איר געזיכט. איך האָב פּאַראינטערעסירט די גרופּע קינסטלער און זיי האָבן גערן צוגעשטימט מיטצופאָרן אין מיין געגנט, כדי צו באַקענען דעם מאָדעל.

צום ערשטן מאָל ווי איך האָב פאַרפירט מיט יאַנקאַ׳ן אַ לענגערן שמועס. אַנגענעם גערירט און דערשטוינט פון מיין המצאה, האָט זי מיט קינדערשן נייגיר, אַ באַגייסטערטע אָפּ־געוואַרט די באַגעגעניש מיט די קינסטלער. אירע באַקן האָבן זיך ראַזעווע פאַרפלאַמט, אַ פריילעכקייט האָט אַרויסגע־שטראַלט פון אירע בליקן.

— קום איך אייך ווירקלעך פאָר, — האָט זי געפרעגט, — ענלעך צו אַ מדאָנע? דערמאָנט אייך מיין אויסזען אַ הייליקע?

— איך וויל גלויבן, האָב איך צוגעגעבן, אַז אייער אוי־סערלעכקייט איז דער שליסל צו אייער זעלישער באַזונדער־קייט.

— זעלישע באַזונדערקייט? — וואָלט איך אייך גיכער גע־דאַרפט דערמאָנען אַ זינדיקע און נישט קיין הייליקע.

— אַ זינדיקע?, — איר שפּאַסט.

— אַ זינדיקע לויט די אָנגענומענע באַגריפן. די נאַר־מעס פון אומשולד און זינד, — זעט איר, — באַשטימט מיין אינערלעך געוויסן. מיין געוויסן איז מיין מאָראַל, — די עטישע רעגלען פון מיין לעבנס־פירונג.

אימפּעטיק האָבן געשטראָמט אירע ווערטער, אָנזעעווי־דיקער די צאַפּלדיקייט פון אירע נאָז־פליגעלעך און בולטער די יצר הרע־בלאָטערלעך נעבן מויל, דורכדרינגלעך איז געווען איר שטילער טאָן, — אויפריכטיקע באַשיידנקייט האָט באַגלייט איר מחשבה.

איר נאָענטקייט האָט געוואַרעמט מיט היימישקייט.

לכתחילה איז זי מיר פֿאַרגעקומען קאָנטראַסטפֿול: פּוילישער שטאָלץ, פֿרומע פּשטות און דערביי אָנגעבריט מיט תּאווה. שפּעטער זענען די דיסאָנאַנסן פֿאַרשווּנדן. אַן אידילישע האַרמאָניע האָט געאייניקט דאָס זינלעכע אין דער פֿרוי, וועלכע ס'האָט באַשיינט אַן אָרעאָל פֿון אַ מאַדאָנע. קענטיק, — האָב איך ביי זיך געטראַכט, — אַז אַ פֿרוי קען פֿיזיש בלייבן אויף שטענדיק אַ בתולה און דערביי זיין איינגעטונקען אין פֿאַרדאָרבנקייט, מען קען פֿריי אויסלעבן אַלע אינטימע באַ־גערן און בלייבן זעליש אומבאַפֿלעקט.



די עלטערע פֿון די מאָלערינס האָט לאַנג באַטראַכט יאַנקאַס פּנים און ווידער אַ בליק געטאָן אויפֿן אויפֿגעשפּאַנטן צייכן־בויגן. די פֿעסטע באַוועגונגען פֿון דער מאָלערינס האַנט, האָט אָנגעזאָגט אַז אָט, אָט און זי הויבט אָן צייכענען. זי האָט דרייסט מאַנעווורירט מיט דעם פּאַסטעל־קרייד, געשווינד אָנ־וואַרפֿנדיק שטריכן און פֿלעקן, רונדיקע און שאַרפֿקאַנטיקע ליניעס, בלאַסערע און אינטענסיווער אָנגעזעטיקטע מיט ליכט און שאָטן־אַקצענטן.

די צייכענונג האָט אָנגעהויבן לעבן. פֿון די שטריכן האָט זיך אויספֿאָרמירט אַ פּאָרטרעט. די קינסטלערין האָט געמאַכט אייניקע שריט צוריק, אַ שריט פֿאָרויס נענטער צום בויגן און ס'האָבן אָנגעהויבן בולט ווערן דער כאַראַקטער־אייגנאַרט, דער פּאָרטרעט האָט באַקומען אויסדרוק. דאָס פֿאַרזשמורעטע אויג פֿון דער מאָלערין האָט קאָנטראָלירט, געמאָסטן צוגע־געבן נאָך אַ פּונקט, נאָך אַ שטריך און איר אָנגעשטרענגט געזיכט האָט דערביי מילד געשמייכלט, — אַ שמייכל פֿון מאָלערישן נצחון.

— אַ מאַדאָנע !, — האָב איך איבערראַשט אויסגערופן...

— — — — — — — — — — — — — —

געווען איז עס אין יאָר 1941, אַ שניי־ווייסע ווינטערנאַכט. אין דער נאַכט קען זיין אַז יאַנקאַ איז געשלאָפן, אפשר אויך געטרוימט, אָדער גאָר אין פחד און אין שרעק געוואַכט און זיך איינגעהערט אין די שטיוול־טריט וואָס דערנענטערן זיך צו איר טיר.

אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר האָט אויפגעריסן יאַנקאַן פונעם געלעגער און אַ שטרענגע שטים האָט באַפוילן :

— עפענען ! — גלייך עפענען !, — דאָס זענען מיר !

— שנעלער, ראַשיקער זיך אָנטאָן, איינפּאַקן די זאַכן, גרייטן זיך אין וועג אַריין.

מאָרגן, שבת פרי, האָט עפּעס אַ פאָרגעפיל מיך באַאומרויִקט און איך בין אַוועק צום וואָקזאַל.

אַ טיפער נאַסער שניי־אָנשיט, די לופט פאַנעפּלט־פייכט. דורך אָט דעם נעפּל־גרוי האָבן זיך געזען אַ קייט פון לאַסט־וואָגענען אָנגעלאָדענע מיט מענטשן. דער עשאַלאָן איז שוין געווען גרייט צום אָפּפאָר. אַרום — אַ טויטע שטילקייט. אַ סיגנאַל — און די וואַגאָנען־קייט האָט זיך גערירט, די רעדער האָבן זיך גענומען דרייען וואָס אַ מאָל שנעלער און שנעלער און אַוועקגעפירט דעם מענטשן־טראַנספּאָרט צו די ווייטע מקומות פון סיביר, צו די סטעפּעס און טייגעס.

פון די קליינע פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך האָבן אַרויסגעבליקט אויגן. צווישן זיי האָב איך אומגעריכט אויך דערזען זי.

יאַנקאַ האָט פאַרשטאַרט געקוקט פאַר זיך. אירע אומרויִקע, מידע אויגן האָבן גערופן, געפרעגט וווּהין ? פאַרוואָס ? !

# אַ באַגעגעניש אין האַרבסט

שוין אייניקע טעג ווי כ׳בין ווידער אין דער היים, אין הויז פון מיינע עלטערן. ס׳האָט זיך מיר פאַרבענקט אַ בליק טאָן אויפן שטעטל, אויף די געסלעך, באַזונדערס אויפן שטאָטישן גאָרטן.

אַ פאַרנאַכטיק האַרבסטיקער הימל האָט בלוט־רויט פאַרגאָסן די גאָלד־אָראַנזש און געלע, האַלב אָפּגעוועלקטע בלעטער אויף דיביימער. די קרוין־שפּיצן פון די גלייכע סאָסנעס האָבן מיט זייער טונקל־גרין קאָנטראַסטירט אויפן פאָן פון צעצונדענעם זון־פאַרגאַנג.

אַ וואַרעם ווינטל האָט מילד געווייעט און שטיפעריש געדרייט אין אַ לייכטן געווירבל די פאַלנדיקע בלעטער, וועלכע האָבן זיך לאַנגזאַם געשפּרייט צופוסנס פון די ביימער. די האַלב־ליידיקע צווייגן האָבן מיט אַ שטילן אָנגענעמען גערויש באַגלייט מיינע טריט אויפן אָנגעבעט פון געדיכטן בלעטער־

אָנשיט. די לאַנגע אַלייעס האָבן איינגעהילט יוגנט־נאַכטיקע סודות. ווייט, אין דער טיף, האָבן זיך געמערקט אייניקע נידעריק־געבויגענע צלמים אויף די קברים פון מיליטערישן צווינטערל, אַן איבערבלייב פון ערשטן וועלטקריג. ס׳איז אומ־היימלער שטיל געווען.

יעדעס ווינקעלע אין דעם פּאַרק האָט מיך אין עפּעס דערמאָנט ,אַלץ איז מיר אַזוי באַקאַנט און דאָר האָט עס מיר אויסגעזען ווי איך זע עס צום ערשטן מאָל.

מיין געמיט איז נאָך נישט געווען באַפרייט פון די גרויל־געפילן, וועלכע כ׳האָב איבערגעלעבט בעתן אַנטלויפן צופוס פון וואַרשע ביז קאָוועל, געיאָגט פונעם קנאַלעריי פון מאַשין־געווער און פון באָמבען־אויפרייס, מיט וועלכע די דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן אונדז באַגלייט דעם גאַנצן וועג. מחשבה־פּלאָנטער האָט פאַרטיפט אין מיר דעם אומרו און די אינער־לעכע צעריסנקייט.

שפּאַצירנדיק אַזוי, האָט מיין פאַרטראַכטקייט זיך פּלוצעם איבערגעריסן. פון ווייטן האָב איך באַמערקט עמעצן זיצן אויף אַ באַנק. צוקומענדיק נענטער האָב איך דערזען אַז דאָס איז אַ יונגע פרוי און נעבן איר אַ קינד. אין שיין פון בין־השמשות האָב איך באַמערקט אַ געזיכט, וועלכעס האָט מיר אין עמעצן דערמאָנט. אַ שריט נענטער — כ׳האָב זי דערקענט. ביידנס בליקן האָבן זיך באַגעגנט און אינסטינקטיוו זיך באַגריסט.

— אויב איך בין זיך נישט טועה... האָט זי נישט דרייסט אַ זאָג געטאָן.

— ניין, — האָב איך איר איבערגעריסן, — איר זייט אייך נישט טועה.

— אַ היפּשע פּאָר יאָר זיך נישט געזען. אַ יאָר צען, — אפשר מער ? !

מיר האָבן אַפילו נישט באַוויזן דערלאַנגען זיך די הענט.

— ווען נישט די פיינלעכע צייט, האָט זי אין שפּאַס באַמערקט, ווער ווייסט צי מיר וואָלטן ווען עס איז געווען זיך ווידער באַגעגנט...

— דערציילט, — איך בעט אייך, דערציילט, פון וואַנען נעמט איר זיך דאָ ?

אונדזער אומדערוואַרטע באַגעגעניש און גראָד אין אַזאַ צייט, האָט מיך אָנגעפילט מיט פרייד, ווי אַרויסגערופן פון אַ גורל־באַשטימונג. ס'האָט מיך באַהערשט אַן אָנגענעמע פאַר־שעמטקייט און נישט דרייסט בין איך געווען צו ברענגען אויף די ליפּן דערמאָנונגען פון יענע ווייט־פאַרגאַנגענע און צו־זאַמען פאַרבראַכטע טעג אין די קאַרפּאַטן־בערג. ווידער האָט אין מיר אַלץ אויפגעוואַכט און איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי בעתן אויפוואַכן פון שלאָף, ווען מען באַמיט זיך צו פאַר־האַלטן די שפּורן פון אַן אָנגענעמען, שיר־פאַרגעסענעם חלום.



אַ זומערדיקער פרימאָרגן אין טאַטאַרווו. אַ מילך־ווייסער נעפּל האָט נאָך פאַרהילט דעם אויסבליק צו די אַרומיקע בערג, אָבער די קורגעסט, יונגע און אַלטע אין קאָלירטע בגדים האָבן שוין געאיילט ווער אַראָפּ אין דער נידער צו די ברעגעס פון טייך און ווער צום וואַסערפאַל.

בהדרגהדיק האָט דער נעפּל־שלייער באַפרייט די ניואַנס־רייכע, פילפאַרביקע פּאַנאָראַמע, דעם גרין־בלוי און פיאָלעט פון די באַרגשפּיצן, נאָר שיטערע וואָלקנדלעך האָבן ערטער־ווייז געפלעקט דעם העל־בלוי פון הימל.

צווישן די פילצאַליקע קורגעסטביים טייך האָט באַזונ־דערס געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אַ יונגע פרוי אין אַ העל־גרינעם באָד־בגד, וועלכע פלעגט אַזוי דיסקרעט זיך אויסטיילן פון אַלע איבעריקע אַרום. געווען איז זי אַ מיטל־וווּקסיקע, דער קערפּער פּראָפּאָרציאָנעל געשטאַלטיקט און פרויִש־יוגנטלעך אין די באַוועגונגען. אין איר גאַנג, אין איר אויסזען בכלל האָט זיך געמערקט אַ מין דיסטאַנץ, מיוחסדיקע צניעותדיקייט און וועלטלעכע דאַמע צוגלייך. מען פלעגט זי שטענדיק זען מיט אַ בוך אָדער זשורנאַל אין האַנט זיצן ערגעץ אין שאָטן פון אַ בוים, אָפּגעזונדערט פון אַלע.

יעדעס מאָל ווען כ׳בין געווען אין איר נאָענט, האָט מיך געפּאַנגען איר קילער בליק. ס׳איז נישט שווער געווען דאָס אויף מיר צו מערקן. אַ בליק, אַ וואָרט, אַ רמז און מיר זענען געוואָרן נאָענט באַפריינדעט.

דער סוד פונעם רייץ אין איר זענען געווען אירע אויגן. לאַנגע וויִעס, הויך געהויבענע ברעמען. ווי דורך אַ דינער נעפּל־נעץ האָבן אַרויסגעבליקט טרוימעריש־מעלאַנכאָלישע, פאַרטראַכטע, קינדיש־פאַרחידושטע אויגן. אין איר סובטעלן שמייכל האָט געהעלט פריילעכקייט און אין אַזעלכע מאָמענטן האָט זיך לויטערער געזען דער גרין־בלוי פון אירע אויגן. ביי יעדער באַגעגעניש איז מיר אַלץ ליבער געוואָרן איר נאָענטקייט.

פון דער נאַטור, — אַ פאַרוויילערישע, ליב געהאַט לייכטן וואָרט־געפעכט, פאַרמאָגט זין פאַר אַ שפּאַס. דערביי איז זי געווען געצוימט אין וואָרט, נישט פאַרטראָגן קיין רכילות. איר חן איז נישט געווען פריי פון קאָקעטישן רייץ.

צווישן די קורגעסט פלעגן אַרומגיין פאַרשידענע קלאַנגען וועגן איר. ס׳האָבן זיך געשפּינט ווערסיעס און סברות. ס׳פלעגט

זיי זיכער פֿאַרדריסן איר פֿאַרהאַלטן זיך, איר מיוחסדיקע רע־זערווירטקייט.

איך האָב ביי איר אַמאָל אין שפּאַס אַ פֿרעג געטאָן, צי איז עס ווירקלעך, אַז זי שטאַמט פֿון אַ רבנישער משפּחה?

צופֿרידן פֿון מיין פֿראַגע, האָט זי מיט שטאָלץ געענט־פֿערט: — איך באַשטעטיק די „רכילות”. איך בין אַ טאָכטער פֿון דער וויזשניצער און ריזשינער דינאַסטיע.

— אייערע אויגן זע איך, — האָט זי ממשיך געווען, — פֿרעגן, — ווי אַזוי געפֿין איך אַן אָרט אין רבישן הויז? ווי וווּנדערלעך דאָס זאָל אייך נישט אויסזען, איז אונדזער משפּחה־קרייז זייער טאָלעראַנט. אומגעשטערט דורך קיינעם פֿיר איך מיין לעבנס־שטייגער. פֿאַרשטענדלעך ווייס איך צו האַלטן גלייכגעוויכט, נישט צו פֿאַרלעצן. משפּחה איז כבוד, אָבער אויך עול.

טייל מאָל פֿלעגט זי זיך אַרויסרעדן, אַז זי פֿילט זיך פֿרעמד אין דער היים און היימיש צווישן פֿרעמדע. — „שווער צו טראָגן דעם עול פֿון כבוד” — פֿלעגט זיין איר ווערטל.

אין די אָוונטן פֿלעגן מיר פֿאַרברענגען אין פּענסיאָן ווו־זי האָט געוווינט. דער אויסבליק פֿון פֿענצטער האָט געפֿירט צום וואַסערפֿאַל. איך פֿלעג זיך גערן איינהערן אין די געשיכטעס און פֿאַסירונגען, וועלכע חסידים פֿלעגן איר איבערדערציילן וועגן דורות ריזשינער דינאַסטיע. כ׳פֿלעג ליב האָבן איר שמאָלע געפֿלעגטע האַנט. יעדער פֿינגער באַריר אירער האָט געבריט מיט ליידנשאַפֿט און געצוימטע באַגערן. די ריחות פֿון די פֿריש־געשניטענע סאָסנע־ביימער האָבן פֿאַרטיפֿט די אידיליע צווישן מענטש און סביבה.



אונדזערע שמועסן ביי דער ערשטער באַגעגעניש, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, זענען געווען הייטערע און גלייכצייטיק כאַאָטישע. לענגערע מינוטן פון שווייגן האָבן אויסגעפילט די נישט דערזאָגטע ווערטער.

ערשט נישט לאַנג — האָט זי דערציילט — איז זי געקומען אַהערצו כדי צו זוכן אַ „מקלט" ביי איר ברודער און טיילווייז ווילט זי ביים פעטער.

— גראָד אין אַזאַ צייט האָב איך מיין מקלט געפונען אין רבישע שטיבער, — האָט זי מיט אַ גאַליקן שמייכל צוגעגעבן.

פאַרנאַכטיקער שאָטן האָט נישט געשטערט צו באַמערקן די פאָרגעקומענע ענדערונגען אין איר געזיכט. ס'זענען פאַרבליבן די זעלבע צאַרטע שטריכן, צניעותדיקער חן, די ווינקל־פאַרטיפונגען אין איר פנים האָבן סובטעל געשאָטנט, אירע אויגן האָבן אויסגעגעבן באַזאָרגטקייט.

— איר באַטראַכט מיך. קום איך אייך נאָך פאָר ענלעך צו זיך ווי אין יענע טעג? איך געדענק נאָך אייער איבער־ראַשונג בעת איך האָב אייך דערציילט וועגן מיין משפחה־שטאַם. איר פלעגט גערן זיך איינהערן אין די געשיכטעס פון זיידעס און עלטער־זיידעס. קליינינקייטן פאַרגעדענקען זיך: געווען ביי אייך אַ שוואַכקייט, איר פלעגט ליב האָבן דעם באַריר פון מיינע האָר אויף אייער געזיכט, איר געדענקט?

אירע ווערטער האָבן דערנענטערט צייט, אָפּגעפרישט אין מיר שפורן פון אינטימע מינוטן.

זי האָט קענטיק אַראָפּגעלעזן פון מיין געזיכט מיין רעאַקציע.

— גענוג, — האָט זי געזאָגט, — גענוג מיט דערמאָנונגען, פאַר איין מאָל איז עס צופיל.

— איך וויל אייך באַקענען מיט דעם יינגעלע וואָס איז

מיט מיר. דאָס איז מיין ברודערס יינגעלע. מענדעלע הייסט ער, נאָך ר׳ מענדעלע וויזשניצער. שווער צו וויסן צי וועט ער אין אונדזער צייט פאַרמאָגן דעם כח אויסצוטראָגן דעם עול פון דער משפחה־ירושה?

דער קליינער מענדעלע, אַ בלאָנד יינגעלע, האָט אונדז ביידן תמימותדיק באַטראַכט, ווי ער וואָלט וועלן פרעגן, וואָס באַדייט דאָס אַלץ?

די לעצטע שפורן פון טאָג־העל האָבן געטונקלט. אַ בלאַס רויטלעכער שטרייף האָט געגאַרטלט דעם ווייטן האָריזאָנט, די סאָסנע־ביימער האָבן אויסגעוויזן נאָך העכער און שטומער.



אין די פרייע שעהען פלעגן מיר זיך טרעפן ביים אַריינגאַנג אין שטאָטישן גאָרטן, נעבן דעם דריי־שטאַמיק צעצוויגטן בוים, וועלכן ס׳האָט, לויט דער לעגענדע, נאָך פאַרפלאַנצט דער פוילישער קעניג יאַן סאָביעסקי בעת זיין דורכמאַרש דורך טאָלמיטש. פון דאָרט פלעגן מיר גיין צום „בלומען־טעפיך„ נעבן באַסיין, אָדער אויסערהאַלב דעם גאָרטן, צו אַ פרייען לאַן, ווו מען האָט נאָך אָנגעזען די רעשטלעך פון געשניטענער קאָניטשינע, וואָרצלען פון די אויסגעגראָבענע קאַרטאָפל און קוקורוזע־שאָלעכץ. סוף־זומערדיקער שפין־געוועב האָט פעדעמדיק געזילבערט און פאַרהעקלט אין אַ וויַע פון אויג.

באַנייטע געפילן אין האַרבסטיקער צייט האָבן אויפגעטויכט און אָנגענעם אויפגערודערט מיין געמיט. לאָטי פלעגט רייסן די רויטע מאָן־בלומען און שטיפעריש אויסדריקן איר צופרידנקייט וואָס מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן.

— גראַד, פּלעגט זי זאָגן, אין אַזאַ אומזיכערער צייט, איז גוט וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן. יעדע איבערגענעכטיקטע נאַכט אויפן אייגענעם געלעגער איז אַ געווינס, ווייל יעדער קלאַפּ אין טיר, — איר פאַרשטייט, — יעדער קלאַפּ אין טיר...

אַ צעווייטיקטער טאָן האָט געבראַכן איר שטימע, אַ נער־ווערזער ספּאַזם אין איר פּנים בעת עס פלעגט איר באַהערשן אַ פּלוצעמדיקער פּחד פאַר דער סכנה אַרויסגעפירט צו ווערן, פאַרשיקט ווערן אין טיף־רוסלאַנד.

איך פלעג זיך באַמיִען איר אויסריידן, מאַכן אַן אָנשטעל, זייענדיק אַליין באַהערשט פון די זעלבע פּחד־געפילן. יעדע פריידיקע אילוזיע פלעגט איר צוריקשטעלן דעם גלייכגעוויכט, אָנפילן זי מיט פרייד און אַ פרישקייט, האָט אַרויסגעקוועלט אינעם צערטלעכן טאָן פון וואָרט.



פאַרבייגייענדיק דעם רבינס הויף און אײלנדיק זיך צום באַן, האָב איך דערהערט פון ווייטן רופן מיין נאָמען. דאָס האָט לאָטי, וועלכע האָט גראָד פאַרברענגט ביי איר פעטער, מיך גערופן.

— איר גייט פאַרביי און כאַפּט נישט אַ בליק אין מיין זייט ?

צום ערשטן מאָל אין רבינס הויז. אַן אומהיימלעכע קאַלטקייט האָט אַרומגעהילט די רוימיק־זויבערע צימערן. ס'האָט זיך געפילט אַ פוסטקייט, אין יעדן ווינקל האָט איינ־זאַמקייט גענעסטעט. פון די סופיטן האָבן שווערע הענג־לאָמפּן אַראָפּגעהאָנגען, די שמאָלע, לאַנגע פענצטער — פאַרצויגן מיט קאָלירטע־טונקעלע פירהאַנגען, די טישן באַדעקט מיט

באַפּרענדזלטע צודעקן, אַרום ווייך־געבעטע שטולן מיט הויכע אָנלענען. אין איין צימער — אַ שראַנק מיט ספרים אין לעדער געבונדן, אין אַ צווייטן ווינקל — אַ געגלאָזטער קרעדענס פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעגלאַנצט קרישטאָל, זילבער און קופּער־כלים, בשמים־ביקסלעך, אתרוגים־פּושקעס, חנוכה־לעמפּלעך, קידוש־בעכערס אין פאַרשידענע גרויסן און פאָר־מען. די אַטמאָספער האָט דערמאָנט אַ רעגנדיקן שבת־נאָכ־מיטאָג, ערב הבדלה.

לאָטי האָט אַראָפּגעלייענט פון מיין פּנים דעם שווערן איינדרוק. מיט אַ געדעמפּטער שטימע האָט זי ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— פרייִלעכקייט האָט אַמאָל באַלעבט דאָס הויז. חסידים, יידן פון די שטעט און שטעטלעך פלעגן פאַרבייפאָרנדיק אָפּ־טרעטן, נעמען שלום ביים רבין, פריִער ביים זיידן, שפּעטער ביים פעטער. אין די יום טוב־טעג פלעגן חסידים טאַנצן אויף די טישן. פאַר מיר האָט דאַן דאָס אַלץ זיך אויסגעוויזן ווי אַ שווערע לאַסט. כ׳פלעג וועלן זיין אַליין, גאַרן נאָך אַ ביסל רו. איצט בענקט זיך צו יענער היימישער וואַרעמקייט, צום חסידישן התלהבותדיקן לאַנגוויַל. היינט קומט זעלטן עמע־צער צו אונדז אַריין. ס׳הערשט דערשלאָגנקייט, פּחד, איר פאַרשטייט... און אַ ספּאַזם האָט דערשטיקט איר וואָרט.

אויף איר פּנים איז געווען אויסגעגאָסן צער, אַ נערוועזע מידקייט. איך האָב זיך געאײַלט צום באַן. מיר האָבן זיך דער־לאַנגט די הענט, זיך געזעגנט, — צום גיכן ווידערזען.

אויף צומאָרגנס בין איך געוואָרן מאָביליזירט קיין טשאָרטקעוו. באַלד האָט אויסגעבראָכן די מלחמה און איך בין אַוועק אויפן רוסישן פראָנט.

— — — — — — — — — — — — — —

איך האָב פאַרגעדענקט יענע מינוטן: לאָטי אין אַ טונקל פיאָלעטן ביזן האַלדז געשלאָסענעם קלייד, צוויי שורות מאַט־גלאַנצנדיקע ציין האָבן אַרויסגעשיינט און איך הער נאָך איר שטימע, — „צום גיכן ווידערזען".

# אין צייט פון שטורעם

שטיל און געלאַסן האָבן זיך געוויגט די קאַרבן אויפן וואַסער־שפּיגל פון אַזאָווישן ים. זילבערדיק האָבן געשוימט די פונאַנדערגעוויגטע גרין־גרויע כוואַליעס און אין רעגל־מעסיקן געיעג פאַרשלונגען איינע די צווייטע. דינע וואָלקנס האָבן דאָ און דאָרט באַפלעקט דעם הימל־געוואַנט. אַרום האָט געהערשט עפּעס אַן אומרויִקע, אימהדיקע שטילקייט. מיין מידע אָפּהענטיקייט פונעם דורכגעמאַכטן זעלנער־מאַרש־לאַנגן וועג, האָט וואַך געמאַכט אין מיר אַן אינערלעכן אומרו, וואָס האָט געוואָרנט, אַן אָנזאָג פון אַ סכנה.

די זעלנער פון אונדזער באַטאַליאָן זענען געלעגן מידע, אויסגעצויגן אויף די גלאַטע ריזל־שטיינער ביי די ברעגעס פון ים.

אָפּגעזונדערט בין איך געזעסן אַ פאַרטראַכטער. כאַאָ־טישע מחשבות האָבן זיך געפּלאָנטערט, אַ נאָגנדיקע בענק־

שאַפט האָט געעקבערט. כ׳האָב געחלומט אויף דער וואַך וועגן דער אָקערשט נישט לאַנג פאַרלאָזטער היים פון וועלכער דער פלוצעמדיקער מלחמה־אויסברוך האָט מיך אַוועקגעריסן. אין דעם האָב איך דערהערט פון ווייטן אַ שטימע, עמעצער האָט גערופן, — „באָיעץ״!; — זעלנער! — דאָס איז געווען די מיליטער־דאָקטערין פון באַטאַליאָן, נינאַ גאַוורילאָוונאַ.

— איך רוף, רעד צו אייך און איר הערט נישט, איר זיצט פאַרטראַכט. אייערע מחשבות זענען קענטיק ערגעץ ווו אַנדערש, ווייט פון דאַנען. אפשר טראַכט איר גאָר וועגן אייער פאַרבליבענער באַרישניע? זעט, — האָט זי פאָרגעזעצט, — ווי דער ים איז רויִק, קיין מינדסטער רעש. ס׳איז אָנגענעם דאָ צו פאַרברענגען, נישט אמת? כ׳האָב דאָס געפיל, אַז די שטילקייט איז ערב אַ שטורעם. שוין אַ היפּשע פּאָר טעג אַז עס באַגלייט אונדז נישט די פּיינטלעכע קאַנאָנאַדע. די הימ־לען פון אָסיפּענקאָ זענען ריין, ס׳הערט זיך נישט אויך קיין זים־זום פון די אויסשפּיר־עראָפּלאַנען, — די ראַזוויעטשיקעס. מיר געפינען זיך דאָ אין אַ שיינער אָנגענעמער געגנט. אויך טרויבן וואַקסן דאָ.

כ׳האָב זיך צוגעהערט צו אירע רייד. זי האָט דערציילט און אויסגעפרעגט:

— איר זייט געוויס אַ „זאַפּאַדניק״ פון פּוילן אָדער רומעניע, קענטיק אַ ייִד? ווער נאָך קען זיצן אַזוי פאַרטראַכט און פאַרטרויערט? איך האָב אייך באַמערקט נאָך אין פּער־וואָמייסק, שפּעטער אין וויניצע. איך האָב געהאַט אַפילו דעם איינדרוק אַז איר אָבסערווירט מיך, אַז איר ווילט עפּעס פרעגן, אָנקניפּן אַ געשפּרעך און וואַגט נישט. אפשר דערמאָן איך אייך עמעצן?

אינעם גלאַנץ פון אירע אויגן האָט אַרויסגעפינקלט נייגיר,

אַ פּרוויִשער באַדאַרף פון אַ רייץ טאָן, אָנרעגן אַ געשפּרעך, הערן אַ קאָמפּלימענט, אַ וואָרט וועגן איר אויסזען.

אין פּערוואָמייסק האָב איך ווירקלעך צו איר זיך געוואָנדן וועגן אַ רפואה, וועלנדיק אַזוי אַרום אָנבינדן באַקאַנטשאַפט מיט איר. נינאַ־גאַווורילאָוונאַ האָט דאַן באַרירנדיק מיין האַנט צו מעסטן דעם דופק, אויסגערופן: — אויב איר וועט אַזוי אָפטער בעטן ביי מיר צו מעסטן אייער פּולס, דראָט אַ געפאַר, אַז די טעמפּעראַטור וועט ביי אייך שטייגן.

נינאַ גאַווורילאָוונאַ האָט זיך פונאַנדערגערעדט. ס׳האָט זיך געמערקט, אַז ס׳איז פאַראַן ביי איר אַ באַדערפעניש צו דערציילן, אויסרעדן זיך.

זי האָט דערציילט אַז זי שטאַמט פון אַ יידישער היים, פון ניקאָלייעוו. אירע עלטערן פלעגן צווישן זיך רעדן יידיש. צוויי ווערטער האָט זי פאַרגעדענקט, וועלכע איר מוטער פלעגט שטענדיק באַנוצן: „מיט גאָטס הילף”. דער זיידע אירער פלעגט יעדן פרימאָרגן זיך „איינהילן אין אַ ווייסן מיט שוואַרצע פּאַסן איבערוווּרף” און תפילה־טאָן.

— איר וועט נישט גלויבן, — האָט זי אין אַ טאָן פון באַדויערן צוגעגעבן, — מיך פאַרדריסט פאַר וואָס כ׳האָב ביי מיינע עלטערן נישט אויסגעפרעגט, נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם אַלעם... איר פאַרשטייט ?..

די נאָכמיטאָג־זון האָט אָנגענעם געוואַרעמט. מיר איז ליב געווען צו הערן די אינטימקייט פון איר געשפּרעך, דעם פאַרבענקטן טאָן פון אירע רייד. אויפן פּאָן פון וואַסער־שפּיגל האָט בהדרגהדיק דער פיאָלעט־גרוי זיך צוזאַמענגעגאָסן און פאַרווישט דעם ראַנד צווישן דעם האָריזאָנט און ים. ס׳האָט זיך אויסגעטיילט אין בולטע שטריכן דער רעליעף פון איר טיילווייז אַנטבלויזטן גוף. אינעם פּראָפיל פון איר געזיכט האָט

זיך געמערקט די שאַרפע ליניע פון איר קליינער אָדלער־נאָז, די געהויבענע ברעמען איבער אירע פאַרחלומטע אויגן. די פון־ווייכע שוואַרצע האָר האָבן צעשויבערט זיך אַראָפּגע־לאָזן איבער איר שטערן.

מיט פאַרגעניגן פלעג איך שטענדיק זיך איינבליקן אין איר געאָרדנט, פעדאַנטער האַלטונג. אויך אין צייטן פון לאַנגן וואַנדער, פלעגט אויף איר דער מיליטער־מונדיר אויסזען ווי געפּרעסט, די אויסצייכנס געאָרדנט ווי צו אַ פּאַראַד. איר דערשיינען פלעגט דערוויטערן ביי מיר דעם לאַנגווייל פון טאָג־טעגלעכן זעלנערישן־גרוי, עס פלעגט אָפּרישן אין מיין זכרון שיינע דערינערונגען און וועקן אין מיר מילדע שטי־מונגען. כ׳האָב ליב געהאַט זיך איינצוהערן אינעם ווייכן קלאַנג פון איר רוסישער אויסשפּראַך, נישט פריי פון אַוקראַיִנישן אַקצענט.

נישט צו אָפט פלעגט מיר אויסקומען צו זעטיקן זיך מיטן חן פון אירע ווינשל־שוואַרצע אויגן און דאַרבנע ציין, נישט שטענדיק פלעגן אַלע טיילן פון באַטאַליאָן זיין צוזאַמען. דאָס רוב פלעגט מען זי זען אין איינעם מיטן לייטענאַנט סאַווטשענקאָ, אַ הויכער, טונקל־הויטיקער מאַן מיט אַן אויפ־געלעבט געזיכט און תאווהדיקע בליקן.ביידע זענען געווען ענלעך צו זיך אויך אויסערלעך, אין זייער אָפּיצירישן־געאָרדנ־טער האַלטונג. די אידיליע צווישן זיי פלעגט ביי אַלעמען אַרויסרופן חשד, ביי מיר פאַרדרוס. זי פלעגט בחוש, מיט איר פרוייִשן אינסטינקט אָפּפילן מיין קנאה־געפיל און מיט אַ טאָן פון אַ באַזונדערער אָנשטעלערישער זאָרגפעליקייט פלעגט זי ליב האָבן אַ פרעג טאָן: — ווי איז אייער געזונט, די „סאַמאָטשוווסטוויִע״ ? — דאָס זעלבסטגעפיל ? — אפשר בודק זיין אייער פולס ?



די שטילקייט און די מנוחה פון די לעצטע טעג איז מיט־אַמאָל איבעגעריסן געוואָרן. אונטער די בלויע הימל־הייכן פון אָסיפּיענקאָ האָבן זיך באַוויזן די דייטשישע אויסשפּיר־עראָפּלאַנען. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ס׳האָט זיך ווידער דערהערט דער דין־טאָניקער זים־זום פון שווערע „מעסערשמידט״באָמבאַרדירער. דער גיהנום האָט זיך אָנגע־הויבן: דאָס פּייפערייַ פון די פאַלנדיקע באָמבעס האָבן טייוו־לאָניש געשניטן די לופט. די מאַשין־געווערן האָבן געשנירלט אָן איבעררייס, טעמפּע אויפרייס־דונערן פון קאַנאָנען, גרויל־הילכיקע אויפרייסן פון באָמבעס, לופט־ברענענדיקע מינען־וואַרפער, זענען אויפגעגאַנגען אין שוואַרצע קויל־געדיכטע קנוילן פון בראַנד־רויך אויסגעמישטער מיט שטיינער און ציגל פון אויפגעריסענע בנינים.

די גהינום־אויפרייסן האָבן פאַרטויבט דאָס געהער, אָפּ־געטעמפּט די געפילן. אין אַזעלכע מאָמענטן טרעט אָפּ דער פחד און מען ווערט באַהערשט פון אַ גלייכגילט און מאַכט־לאָזיקייט. אָבער אין די קריטישסטע מאָמענטן פון טויט־געפאַר האָט דער אינסטינקט ווי אונטערגעזאָגט: ס׳איז נישט דער סוף, נישט מיך...

די טיילן פון באַטאַליאָן וועלכע האָבן סטאַציאָנירט אין דער געביידע פון קולטור־הויז, אויף דער הויפּטגאַס זענען געוואָרן אַרומגענומען פון אַ פייער־אָנגריף. קיין פאַרטיידי־קונג פון דער סאָוויעטישער אַוויאַציע האָט זיך נישט געמערקט, ס׳האָט אַלעמען באַהערשט אַ פּיבערדיקע פּאַניק. אויך די אָפיצירן זענען אין בהלה געלאָפן ווי די אויגן האָבן געטראָגן אין די קעלערס און רינשטאָקן.

אין אַן עת־צרה בילדן זיך ביי יעדן באַזונדער באַשטימטע שוץ־אילוזיעס. יעדער מיט זיין אַבערגלויבן און קמיע־מאַגי־שער קראַפט, וועלכע וואַכט און באַוואַכט יעדן קער און ווענד פון מענטש בעת דער געפאַר. געפינענדיק זיך אין פעלד, פלעג איך איבערוואַרטן די באַמבאַרדירונג בלייבנדיק ליגן אויפן זעלבן אָרט. אין אַ בנין ווידער, פלעג איך זיך אַוועקשטעלן אין אַ ווינקל צווישן צוויי ווענט, — מיין מקלט־איינרעדעניש.

אין יענעם פייער־אָנגריף, שטייענדיק אַזוי אין מיין ווינקל, האָב איך אַנטקעגנאיבער מיר באַמערקט נינאַ גאַווריליאָוונאַ.

ווי אָנגערירט פון אַן עלעקטרישן שטראָם האָט איר גוף אויפגעציטערט, ווי אין אַ פיבער־קאָנווולסיע. איר טונקל גע־זיכט האָט באַפאַרבט אַן איילבירט־געלע מראה. אין די טיפן פון אירע אויגן־רונדן האָבן אַרויסגעגלאָצט צעשראָקענע בליקן. די קורץ־געשוירענע האָר אירע — אין אַ ווילדער אומאָרדענונג, איינגעצויגן די אַקסל־ביינער און אירע אין קראַמף־געביילטע פויסטן איינגעביסן אין פאַרקלעמטן מויל, ווי זי וואָלט מיט אַלע כוחות זיך געוואָלט צוריקהאַלטן פון אַן אויסגעשריי. איר פנים האָט אַדורכגעשנירלט אַ שפּאָטישער גאַל־ביטערער שמייכל, ווי זי וואָלט געזען אַ צווייטע וויזועלע ווירקלעכקייט.

ביסלעכווייז האָט די קאָנווולסיע באַפרייט איר קערפּער. זי איז געבליבן שטיין פאַרגליווערט, אומבאַוועגלעך. אַ גלאַנ־ציקע פייכטקייט האָט באַגאָסן איר געזיכט, גרויסע טראָפּנס האָבן אַנגסטיק געזילבערט אויף איר שטערן. די אויפבליצן פון די פייער־זאַלפּן האָבן באַשטראַלט איר געשטאַלט.

אין אָט דער ווילד־צעשראָקענער פּאָזע פון טראַגישער פאַרצווייפלונג, האָט זי זיך אַנטפּלעקט אין דער פולער פּראַכט פון איר שיינקייט, ווי נאָך קיין מאָל ביז יענעם מאָמענט.



פונעם גרויסן זאַל אין „קלוב״ אין וועלכן מיר האָבן סטאַציאָנירט, האָבן זיך געטראָגן קלאַוויר־קלאַנגען, מעלאָדיעס פון בענקשאַפט. נינאַ גאַווריליאָוונאַ איז געזעסן ביים אינסטרומענט, אירע פינגער האָבן אויסגעבענקט מעלאָדישע טרוימען, אַלטרוסישע און אוקראַיִנישע לידער, ציגיינער־ניגונים.

אַ פאַרטראַכטע איז זי געבליבן זיצן ביים אָפענעם קלאַוויר.

— מיין אינסטרומענט, — האָט זי מיט שמערץ אַרויסגערעדט, — איז פאַרבליבן אין ניקאָלאַיעוו. די מאָביליזאַציע האָט אומגעריכט מיך פאַרכאַפּט אין קיִעוו, ווו כ׳האָב געלערנט מעדיצין. אָמאָל, — האָבן קוים צו מערקן אויסגעפּליסטערט אירע ליפּן, — האָב איך ליב געהאַט מוסאָרגסקי, סטראַווינסקי, באָראָדין, איצט האָט זיך מיר פאַרבענקט נאָך די אַלטע ראָמאַנסן, — נאָסטאַלגיע...



ס׳האָט זיך דערהערט אַ באַפעל: גרייטן זיך אין וועג!

מיר האָבן מאַרשירט פאַרפאָלגטע אָן אויפהער פון די פיינטלעכע עראָפּלאַנען. מיר האָבן פאַרלאָזט שטעט און דערפער לענגאויס אוקראַיִנע און דאָמבאַס, פאַרביימאַרשירט פעלדער און לאַנען, געדיכטע וועלדער און אָזיערעס, גערטנער און סעדער, ווו בלוט־רויטע קאַרשן און גלאַנציק־שוואַרצע וויינשל האָבן אַרויסגעחנט פון צווישן די צווייגן און בלעטער.

מחיהדיקע ריחות האָבן אונדז באַגלייט אין די וואַרעמע

מקומות פון אָדעסער קרייז און ווייטער ביי דער גרענעץ פון קרים, אין קערטש. נישט קיין פלאַנירטער מאַרש איז עס געווען נאָר אַ געיעג אין בהלה אין דער אָנהויב־צייט פון פאַרלאָזן אַ פּאָזיציע נאָך אַ פּאָזיציע, מיט שווערע מענטש־לעכע פאַרלוסטן.



פאַר אונדז, פון די פאַרנומענע מערב־געביטן, איז גע־קומען אַ סוף צום אַקטיוון מיליטער־דינסט. אַ באַפעל פון מאָסקווע האָט געהייסן אַלעמען דעמאָביליזירן. דאָס איז געווען אין דער צווייטער העלפט יאַנואַר 1942.

אין אַ פראָסטיק־זוניקן טאָג, אין ראָסטאָוו ביים דאָן, האָט מען אונדז אַלע „זאַפּאַדניקעס" אויסגעשטעלט אין אַ ריי אין אַן אָפּגעשלאָסענעם הויף פון אַ חרוב־געוואָרענעם בנין. אין שפּאַנונג האָבן מיר געוואַרט, נישט וויסנדיק אונ־דזער ווייטערדיקן גורל.

נאָך מינוטן פון געהיימנישפולער שטילקייט, איז אין זיין פּאַראַדנעם מונדיר דערשינען מאַיאָר טור, דער קאָמאַנדיר פון 46־טן באַטאַליאָן וו.נ.אָ.ס. אַ הויכער מיט אַן ענערגיש־סימפּאַטישן געזיכט. מאַיאָר טור האָט אַלעמען באַטראַכט מיט זיינע קלוגע אויגן, אונדז באַגריסט מיטן מיליטערישן סאַלוט, און אין אַ טאָן פון טיפער גערירטקייט געזאָגט:

— „רעביאַטאַ" — חברה, וואָלט עס געווען אָפּהענגיק פון מיין ווילן און החלטה, וואָלט איר פאַרבליבן מיט אונדז. געטריי און מיט אַחריות האָט איר אויסגעפילט די אויפגאַבן. — איך באַדויער. ס'איז אַ באַפעל. — זייט געשטאַרקט". — מילדקייט און זאָרג איז געווען צו זען אויף זיין געזיכט.

צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען טרערן אין די אויגן פון אַ קאָמאַנדיר.

אין דער צווייטער ריי נעבן מאַיאָר זענען אָנוועזנדיק געווען אַלע איבעריקע אָפיצירן און צווישן זיי נינאַ גאַווריל־לאָוונאַ. אַן אויסדרוק פון באַדויערן און פאַרדרוס האָט פאַר־טיפט דעם ערנסט פון איר געזיכט. שטריכן פון נערוועזער צאַרטקייט האָט נאָך אינטערעסאַנטער געמאַכט דעם רייץ פון דער פרוי אין זעלנערישן מונדיר.

אויף איר אָנגעשטרענגטן געזיכט האָבן זיך געמערקט דין־פולסירנדיקע אָדערלעך, וועלכע האָבן געבלויט ביי די ווינקל־פאַרטיפונגען איןביידע זייטן פון אירע פלאַמענדיקע אויגן.

אין יענע מינוטן האָב איך דערשפּירט אַ ברי, אַ פונאַנ־דערריס פון עמעצן, ווען אַנבליק האָט באַווירקט מיין געמיט אין אַ צייט פון שטורעם.

## דער פֿאַרשלאָסענער־קרייז

די הייטערע באַוועגונג צווישן פּובליקום אין זאַל האָט זיך מיטאַמאָל איינגעשטילט, דער דריטער פּיאַנאָ־שטילער קלאַנג האָט געשלאָגן און די ליכטער האָבן בהדרגה זיך געטונקלט. — די פֿאָרשטעלונג האָט באַגינען.

אַ יונגע פֿרוי, וועלכע איז געזעסן מיט מיר אין איין ריי, האָט פֿון צייט צו צייט פֿאַרגנבעט אַ בליק אין מיין זייט, אָן וועלכן ס׳איז רמז פֿון פּראָוואָצירן אַ געשפּרעך.

דאָס געזיכט פֿון דער פֿרוי איז מיר געווען לגמרי פֿרעמד. ערשט אינעם האַלב טונקל־ליכט האָבן אירע בליקן געוועקט אין מיר באַשטימטע פֿאַרנעפּלטע וויזועלע אַסאָציאַציעס: אפֿשר, האָב איך געטראַכט, זענען מיר ביידע אונטער דער השפּעה פֿון זעלבן אָפּטישן־טעות?

בעת די אַנטראַקטן האָבן זיך אונדזערע בליקן ווידער באַגעגנט און מיט אַ פֿאַרשטאַרקטן נייגיר האָבן מיר איינע

די צווייטע באַטראַכט. אין דמיון האָבן זיך מיר געגומען פעדעמען דערינערונגען, פנימער, סיטואַציעס, וועלכע האָבן געפירט צו אַ ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווי פון אונטער אַ נעפּל פון פאַרגעסנקייט, — און דאָך?

היימישע אינטימקייט האָט זיך געטראָגן פון אירע בליקן, וועלכע האָבן אַרומגעהילט מיינע שפּירונגען, געוועקט אין מיר אַן אילוזיע, אַ וויזועלן רעפלעקס, פון עפּעס האָבן שוין איבערגעלעבט אַן ענלעכע געפילס־שפּירונג, אַן ענלעכן געמיט־צושטאַנד.

די אויפפירונג פון קלאַודעל, „דער זיידענער שיך״, אַ סימבאָליש־בילדערישע, אינטערעסאַנטע פאָרשטעלונג, וואָס האָט זיך לאַנג פאַרצויגן, ביז לאַנגווייל, האָט סוף סוף זיך דערנענטערט צום פינאַל.

ביי די אַרויסגאַנג־טירן פון זאַל האָבן מיר ביידע אויפמערקזאַם אַכטונג געגעבן נישט צו פאַרלירן זיך איינער פון צווייטן.

פאַרן טעאַטער פון „שוישפּיל־הויז״ האָבן מיר זיך דערנענטערט, אָפּגעשטעלט, געוואַרט אַז דער צווייטער זאָל פאַרפירן אַ געשפּרעך, זאָגן אַ וואָרט.

די פרוי האָט די ערשטע זיך געווענדעט צו מיר, און צו מיין שטוינען אין פּויליש. אַ סברה, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז זי פאַרטוישט מיך מיט עמעצן פון אירע באַקאַנטע.

מערקנדיק מיין שטוינונג, האָט זי גלייך אין שפּאַס צוגעגעבן:

— אינסטינקטיוו, פון געוווינהייט רעד איך פּויליש, איר...

— אויך איך רעד פּויליש, — האָב איך איר איבערגעריסן.

— כ׳האָב דאָס געפיל ווי כ׳וואָלט אייך שוין האָבן ערגעץ

ווּ באַגעגנט? דער איינדרוק האָט זיך ביי מיר געשאַפן גראָד בעת דעם האַלב־טונקל אין זאַל. אפשר וועט עמעצן פון אונדז ביידן געלונגען אויפצוקלערן די ווונדערלעכע מיספאַרשטענ־דעניש? און אפשר האָבן מיר ווירקלעך זיך באַגעגנט?

— ס׳מאַכט נישט, — האָב איך געענטפערט, — ווען אַפילו דאָס זאָל זיין אַ מיספאַרשטענדעניש, איז עס אַן אָנ־גענעמער צופאַל.

— עס וועט אייך אפשר פאָרקומען אומגלויבלעך, — האָט די פרוי צוגעגעבן, — מיר קומט פאָר אַז אין מיין אַלבאָם פון פאַר דער מלחמה האָט זיך פאַרהאַלטן אַ פאָטאָגראַפיע, זייער ענלעך צו אייך.

עס טרעפט אַז מענטשן זענען צו זיך ענלעך.

מיר זענען געגאַנגען לענגאויס דער ווילהעלם־גאַס ביז צום „ענגעל"־דענקמאַל, צו „פרינץ־רעגענטן"־פלאַץ, בכיוון האָבן מיר פאַרלענגערט דעם וועג דורך פאַרלאַנגזאַמען די טריט.

אַ געגנוספולער אומרו האָט דערנענטערט צוויי פרעמדע, וועלכע עס באַגלייט אַ געפיל, ווי זיי וואָלטן זיך געטראָפן נישט צום ערשטן־מאָל.

— אויב עס וועט אייך נישט זיין אומבאַקוועם, — האָט זי ביים געזעגענען זיך צו מיר געזאָגט, — לייג איך פאָר ווידער זיך צו טרעפן. לאָמיר איצט לאָזן אָפרוען די מחשבה נאָכן ערשטן איינדרוק, אפשר וועט ביי איינעם פון אונדז ביידן אויפבליצן אַ דערמאָנונג, אַ רמז?..



גרויער פאַרנאַכט. אָנזעעוודיק צייכענען זיך די שפורן

פון דער אויפגייענדיקער לבנה אויפן עטוואָס פאַרוואָלקנטן־הימל. לענגאויס דעם ענגלישן גאָרטן האָבן מחיהדיקע ריחות פון די בלומען־בייטן אָנגעפולט די לופט. שטילע קילקייט האָט געוויעט און געגלעט. מיט אומגעדולד האָב איך אָפּגעוואַרט די טרעפונג מיט מיין נייער באַקאַנטער, וועלכע באַשעפטיקט מיין דמיון.

איך האָב זי באַמערקט, נישט ווייט פון „פרידנס־דענקמאָל". כ׳האָב זיך צו איר דערנענטערט און מיט פריינד־לעכער וואַרעמקייט, ווי צוויי פון לאַנג באַקאַנטע, האָבן מיר זיך געדריקט די הענט.

אין אַ גוט אויפגעלייגטער שטימונג און מיט אַ האַרציק געלעכטער האָט זי אויסגערופן:

— אָט בין איך מיט אייך!

געמיטלעך האָבן מיר געשפּאַנט איבער די געשלענגלטע סטעזשקעס פון ענגלישן גאָרטן. מיר איז ליב געוואָרן איר פריי־היימיש זיך פאַרהאַלטן. אירע אויגן האָבן געפרעגט, געוואַרט, אפשר עפּעס אַן אָנדייט? —

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ דערנעבנדיקער קליי־נער קאַפע, מיט ביימער אַרום. צווייגן פון אַ בעז־בוים האָבן נידעריק אַראָפּגעהאָנגען און מיט צאַרטן פּיאָלעט באַרירט איר געזיכט און אַרום האָבן געשמעקט די ווייסע אַקאַציע בליטן, — ס׳האָבן זיך געהערט שטילע ציגיינער־מעלאָדיעס.

— איך דערמאָן זיך, — האָט זי אין אַ געדעמפטן טאָן פון בענקשאַפט געזאָגט, — די מיט־זומער צייט ביי אונדז. יעדעס יאָר פלעג איך בעת די שול־פעריען אַרויספאָרן צו מיין פעטער אויפן דאָרף. געוועזן ביי זיי אַ נישט גרויסע ווירטשאַפט. דאָס הויז איז געלעגן ביי אַ זייט פון אַ וואַלדיקן־טאָל. ריחות האָבן פאַרשיכורט די גאַנצע געגנט. איך שפּיר

נאָך דעם טעם פון די שוואַרצע יאַגעדעס, פון די פריש־גריסענע מאַלינעס. אַביסל ווייטער איז געווען אַ לאַן מיט קאָניטשינע. טוליענדיק די בעז־שטענגלעך צו אירע באַקן האָט זי איבערגעחזרט: — ווי ליב איך האָב דעם ריח פון בעז, — וויפל דערמאָנונג עס וועקט אין מיר דער אַראָמאַט. היים... היים... אַלץ לעבט אין זכרון, טיף אין דער נשמה.

— פון וואַנען, האָב איך איר געפרעגט, — קומט איר אַהערצו, — קיין מינכען?

— פון רוסלאַנד, פון ווייטן אוראַל. פאַר דער דייטש־רוסישער מלחמה האָט מען מיך, ווי פיל אַנדערע, „פרייוויליק" אַרויסגעפירט פון דער היים קיין רוסלאַנד. אין דער רשימה האָב איך פיגורירט אַלס „פרייוויליקע".

— פון אָנהויב האָב איך געאַרבעט אין אַסבעסט, דאָרט בין איך שווער קראַנק געוואָרן, שפּעטער האָט מען מיר אי־בערגעפירט קיין סווערדלאָווסק.

— סווערדלאָווסק?! — האָב איך אויסגערופן, דאָרט האָב איך אויך געוווינט ביז דער עוואַקואַציע.

— ווו האָט איר געאַרבעט? — האָט זי מיט נייגעריקייט געפרעגט.

— אין פיזיאָ־טעראַפּעווטישן־שפּיטאָל.

— אויך איך האָב דאָרט געאַרבעט אין דער נעבן־גע־ביידע, אין אָרטאָפּעדישן־שפּיטאָל, אַלס קראַנקן־שוועסטער. מיך האָבן אַלע געקענט אַלס שוועסטער־נאַטאַשאַ. קענט איר וועמען פון דאָרט?

— געוויס. — ווער האָט נישט געקענט דעם לייטער פון אייער שפּיטאָל דעם פּראָפעסאָר באָגדאַנאָוו, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן: פּיאָדאָר דער „עלפטער", דער עלפטער מאַן ביי זיין פרוי, די אָפּערע־זינגערין קיסעלעווסקאַיאַ.

— ריכטיק, אַזוי פלעגט מען אים רופן. ווירקלעך געווען דער שענסטער מאַן אין סווערדלאָווסק. דערמאָנט איר זיך אים אין ווייסן אָפיצירן־מונדיר ?

אין פאַרשוויגנקייט האָבן מיר זיך ביידע באַטראַכט, גע־פּאָרשט מיט די בליקן, געפּרוּווט דערגיין דעם סוד פון אַן אָפּטישער אילוזיע.

אין דעם שוואַך־באַלויכטענעם ווינקל פון קאַפע, האָט ליכט און שאָטן שפּילעוודיק רעפלעקטירט איבער דער לוי־טערער פרישקייט פון איר קרעם־ראָזן, מאַטן געזיכט. ווי פון ים־טיפן וואַסערשפּיגל האָבן געבלויט אירע אויגן. די חנעוודיק סלאַווישע, אַרויפצו לייכט פאַרריסענע נאָז האָט געמילדערט אין איר דעם ערנסט פון איר פאַרטראַכטן געזיכט. אַ נערוועז־זער ציטער האָט זיך געמערקט אין אירע פינגער בעת זי האָט פּעדאַנט און זאָרגפעליק באַרירט די גלאַט־געקעמטע האָר אירע.

— עס טרעפט, — האָט זי נאָך אַ לענגערן שווייגן זיך אָפּגערופן, אַז צוויי מענטשן באַגעגענען זיך צופעליק, ווי מיר למשל, — און פון ערשטן אויגנבליק דערוועקט זיך איןביידן דאָס געפיל, — דער איינדרוק, ווי מיר וואָלטן פון שטענדיק איינער דעם צווייטן אַרומגעזוכט, באַגערט, פלוצעמדיקייט, צופאַל, אָדער גורל פירט צונויף, דערנענטערט צוויי פאַלוסן. אפשר איז גאָר אין דעם דער פאַרבאָרגענער סוד פון פאַר־ליבטקייט ?

מטושטש, ווי אונטער אַ פאָרצעלאַן־דינער מחיצה האָבן אימפּרעסיעס זיך געפלאָנטערט אין מיין זכרון, אַלץ ווי אַ פאַרגעסענער חלום.

די פיבערדיק־גלאַנציקע אויגן אירע האָבן געוויזן, ווי

אַ דערמאָנונג וואָלט אויפגעבליצט אין איר זכרון און עפּעס אָן אָפּהאַלט העמט איר וואָרט.

— דוכט זיך, — האָב איך פּראָוואָצירט, — אַז איר האָט עפּעס געוואָלט זאָגן ?

— ריכטיק. איר לייענט, זע איך, מיין מחשבה. אָבער... אָבער...

— איך הער אייך, — ביטע.

— גוט. כ׳וועל, — ס׳וועט אייך זיכער פאַרקומען אומ־וואַרשיינלעך. אין מיין זכרון האָט איצט אויפגעטויכט אַ פּאַסירונג, וועלכע דערמאָנט מיר אונדזער באַגעגעניש אין טעאַטער.

— דאָס איז געווען האַרט פאַרן אויסברוך פון דער דייטש־פּוילישער מלחמה.. איך בין דאַן געווען צו גאַסט ביי מיינע קרובים אין וואַרשע. דער קוזין מיינער האָט מיך מיט־גענומען אין טעאַטער, דוכט זיך אין „נאַראָדאָווי״. דעם נאָמען פון דער פאָרשטעלונג דערמאָן איך זיך נישט. אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט בלויז די געשטאַלט פון קעניג סטעפאַן־באַטאָרי.

איך בין געזעסן מיט מיין קוזין אויף דער גאַלעריע. בעת די ליכטער אין זאַל האָבן געטונקלט, האָב איך זיך באַגעגנט מיט די בליקן פון עמעצן, וועלכער איז געזעסן אין מיין נאָענט, אין דער זעלבער ריי. ווי אַ מאַגישער כוח, — דערמאָן איך זיך, — וואָלט צונויפגעגאָסן אונדזערעביידנס בליקן. אַ לאַווע פון ליידנשאַפט האָט זיך געטראָגן פון זיינע אויגן.

בעתן איבערהייס האָט דער פרעמדער פאַרזיכטיק דער־לאַנגט אין מיין האַנט אַ צעטעלע מיט זיין אַדרעס.

ס׳איז געווען אַ נעפּלדיקער, פייכטער אָוונט... פאַרלאָזנ־דיק דאָס טעאַטער, האָב איך זיך אייניקע מאָל אומגעקוקט,

מיין שכן איז געשטאַנען אויפן טעאַטער־פּלאַץ, זיינע בליקן האָבן מיך באַגלייט ביזן פאַרשווינדן פון מיינע טריט. אויפ־צומאָרגנס האָב איך פאַרלאָזט וואַרשע, מער האָב איך יענעם מענטש נישט באַגעגנט.

איר דערציילונג האָט מיטאַמאָל פונאַנדערגעריסן אין מיר דעם לעצטן שפּור פון נעפּל. אין מיין מחשבות־פּלאָנטער איז ווי איין פאָדעם וואָלט געפּירט אונדזער ביידנס דערמאָ־נונג, ווי איין געוועב וואָלט געאייניקט אונדזערע דמיונות, ביידנס עמאָציאָנעלע שפּירונגען אין יענעם מאָמענט.

אין מיין זעונג האָט אויפגעוואַכט יענער אָוונט אין טע־אַטער. די אַטמאָספער, די שטילקייט בעתן דערשיינען פון יונאָשאַ סטעמפקאָווסקי, אַלס באַטאָרי אין „פּאָוורוט־פשע־לענצקיעגאָ” (פשעלענצקיס צוריקקער). אין מיין דערמאָנונג האָט אויפגעטויכט די גראַנדיעזע קרעאַציע, וועלכע האָט נישט פאַרמאָגט קיין איין וואָרט טעקסט, דערנאָך די באַגייס־טערונג און די אַפּלאָדיסמענטן.

ווידער האָט אין מיר אויפגעוואַכט יענע איבערלעבונג, בעת איך האָב אין מיין נאָענט דערזען דאָס יונגע צאַרטע געזיכט פון בלאָנדן מיידל אין איר באַשיידן רויט־גרין־גע־קעסטלטער בלוזע. נאָך כישופן מיך דער בלוי פון אירע אויגן וואָס האָט אָקערשט אין מיין דמיון אויפגעטויכט. עס וואַכט נאָך אין מיר די קנאה, וואָס כ׳האָב געפילט אין יענעם אָוונט צו איר הויכן בלאָנדן באַגלייטער. דער פייכטער נעפּל אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָט פאַרווישט די שפּורן פון אירע טריט.

זי האָט באַמערקט אויף מיר מיין פאַרטראַכטקייט און מיט פאַרדרוס זיך אָפּגערופן: — איך דערצייל און איר, האָב איך דעם איינדרוק...

— דערציילט, דערציילט, איך הער אייך גערן.

— קומענדיק צוריק אַהיים פון וואַרשע...

— קיין ביאַליסטאָק, — האָב איך צוגעגעבן.

— פון וואַנען קומט דאָס צו אייך ?... זענט איר אַ טרע־פער ?... קומענדיק אַהיים האָב איך גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו און ווי לעכערלעך דאָס זאָל אייך נישט קלינגען, אַ בריוו פון אַ פאַרליבטער.

— צום בריוו האָט איר בייגעלייגט אייער פאָטאָגראַפיע מיט דער צושריפט — ניוטאַ.

אומבאַוועגלעך ווי פאַרגליווערט איז זי געבליבן זיצן. אַ געל־פּיאָלעטער שאָטן פונעם בלאַסן ליכט האָט באַגאָסן איר געזיכט. אַ דינער גלאַנץ האָט באַפּייכט איר אויגן־בלוי. נאָך לאַנגע מינוטן פון שווייגן האָבן אירע ליפּן ציטערדיק אויסגעפּליסטערט : — שוין זשע, איז עס מעגלעך ? זענט איר עס ?...

— אַלץ קומט מיר פאָר, ווי איין געשלאָסענער פאַר־כישופטער־קרייז.

# אַן אָנגענעם־פּיינלעכער באַזוך

אין אָנהויב פון די זומער־פּעריען האָט די לערערין סטעפאַ פאַרבעטן צו זיך אַ קרייז פון אירע באַקאַנטע צו אַן אָפּשייד־אָוונט, פאַר איר אָפּפאָרן קיין פּאַריז. נישט ווי מיין טבע האָב איך גראָד אין דעם אָוונט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט.

אַ זייטיקער דורכגאַנג אין צווייטן הויף אויף טוואַרדע גאַס נר׳ 16, האָט געפירט צום טרעפּן־קאָרידאָר ווו עס האָט זיך געפונען איר איינצל־צימער.

די לערערין, פריילין סטעפאַ, האָט ליב געהאַט מקרב צו זיין געסט, פריינד, און דערביי האָט זי פאַרמאָגט אַן אייגנשאַפט און הנאה צו באַקענען נייע מענטשן, באַזונדערס פלעגט מען ביי איר באַגעגענען ראַדיקאַל־געשטימטע יידישע אינטעליגענץ.

נישט קיין שיינע איז סטעפאַ געווען. ס׳האָבן שאַקירט אירע פאָדערשטע אַרויסגערוקטע ציין, ווי אויך אירע נישט

פראָפאָרציאָנעל־געהויבענע קין־ביינער. מיט דער צייט האָט מען זיך צו איר צוגעוווינט און זי איז אַלעמען ליב געוואָרן, אַ דאַנק איר איידעלער גאַסטפריינטלעכער נאַטור און הילף־גרייטקייט.

אין איר נישט־גרויסן צימער האָט יעדער געפונען זיין פלאַץ. אויב נישט אויף די שטולן, איז אויפן ראַנד פון בעט, אָדער אויף דער שמאָלער, מיט גרינעם פלוש איבערגעצויגענער סאָפע.

שוין ביים אַריינגאַנג, אויף די טרעפ האָט זיך אַנטקעגן געטראָגן די פריילעכקייט פון איר צימער, אַ רעש, גערויש און געלעכטער. מען האָט אויך געשפירט דעם געשמאַקן ריח פונעם געבעקס און משקאות.

אַריינקומענדיק האָט גלייך אַרומגענומען אַ היימישקייט. צווישן די אַלטע באַקאַנטע האָב איך אויך באַמערקט נייע פנימער.

פריילן סטעפאַ האָט מיר גלייך אָנגעוויזן אַ פריי פלאַץ נעבן אַ פרוי, וועלכע כ׳האָב ביי איר צום ערשטן מאָל באַגעגנט, כאָטש איר געזיכט איז מיר געווען נישט אומבאַקאַנט. כ׳פלעג זי אָפט באַמערקן אויף די פאָרשטעלונגען אין פוילישן טעאַטער. זי פלעגט ציִען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט איר זעלטן אינטערעסאַנטער אויסערלעכקייט, עלעגאַנטער קליידונג. אַ הויכע געשטאַלט מיט אַ לויטער, געפלעגט געזיכט, וועלכעס האָט אָנגעוויזן אַז זי איז נישט קיין פרוי אין די פריִע יוגנט־יאָרן.

— זייט באַקאַנט, — האָט סטעפאַ זי מיר פאָרגעשטעלט, — מיין פריינדין אַניעלאַ.

פעדאַנטער ווי אַלע מאָל איז געווען אָפּגעפרישט איר געזיכט. די העל־בלאָנדע, גלאַט־געקעמטע, פאַרקנוילטע האָר,

האָבן געגרייכט צו איר האַלדז פון וועלכן אַ גלייכע ליניע האָט געפירט צו אירע געפורעמטע אַקסלען.

איר עטוואָס גאָווהדיקע האַלטונג האָט פון אַנהויב גע־שטערט אַנצוקניפן פריי אַ געשפרעך. ערשט ווען איך האָב איר מרמז געווען וועגן אירע אָפטע באַזוכן אין טעאַטער, איז אונדזער געשפרעך געוואָרן פרייער, די געשפּאַנטע פּאַרלעגנ־הייט איז אַפּגעטרעטן. אויך די ענגשאַפט אויף דער שמאָלער סאָפע און דאָס נעמען אַ כוסה און אַ צווייטע, האָט נענטער געמאַכט אונדזער היימישקייט.

אין צווישנצייט האָט מען אָנגעשטעלט דעם פּאַטעפאָן און ס׳האָט זיך געלאָזט הערן טאַנץ־מוזיק.

— צום באַדויערן, — האָב איך זיך פאַרענטפערט פאַר מיין שכנה, — איך טאַנץ נישט.

— ס׳מאַכט נישט, — האָט זי האַסטיק אַ זאָג געטאָן, — מיט מיר וועט עס שוין גיין.

אין דער געהויבענער שטימונג פון יענעם אָוונט האָב איך זיך צו איר באַצויגן זייער פריי. ס׳האָבן נישט געפעלט קיין אָנגעבריטע ווערטער. צערטלענדיק אירע אַקסלען, האָבן אויך אונדזערע ליפּן זיך באַרירט ביים אויסטרונקען „ברודער־שאַפט״.

אָנגענעם־שנעל איז פאַרביי דער אָוונט. מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג. אין דרויסן איז געווען קיל און נעפּלדיק.

אין דער מיטנאַכטיקער גרויקייט האָב איך באַמערקט יענעם נידעריק, קיילעכיק־דיקלעכן יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך מטפּל געווען מיט דעם פּאַטעפאָן. ער איז מיטגעגאַנגען און געציטערט פאַר קעלט.

—איך וועל שוין אַליין באַגלייטן די פרוי. זי וווינט אויף יאַסנאַ־גאַס, נישט ווייט פון מיר, — אייך זע איך, איז קאַלט.

די שמאָלע פּריילעכע אייגעלעך פונעם יונגערמאַן האָבן געשמייכלט:

— איך באַדויער זייער, — האָט ער צו מיר אין אַ גוטער שטימונג געזאָגט, — כ׳האָב קיין ברירה נישט, דאָס איז מיין פרוי.

זי האָט באַמערקט מיין פאַרלוירנקייט און האָט גלייך צוגעגעבן: — כ׳האָבווירקלעך פאַרגעסן אייך פאָרצושטעלן מיין מאַן. — עס טרעפט.

— פאַרגעדענקט אונדזער אַדרעס, — האָט איר מאַן צוגעגעבן ביים געזעגענען זיך.



פרוי אַניעלאַ איז געווען באַדייטנדיק עלטער פון מיר, זי האָט שוין געהאַט צוויי קינדער. אָבער קענטיק אַז פאַרביידן האָט עס אויסגעוויזן אַטראַקטיוו און עס האָט אויך פאַרמאָגט אַ באַשטימטן רייץ, דער אונטערשייד פון עלטער.

מיר פלעגן פאַרברענגען ביי איר אין דער היים, נישט זעלטן ביי מיר, ווי אויך אין טעאַטער, אָדער גאָר אין זייער זומער־וווינונג אין אָטוואָצק, אויף דער „ליניע״.

אַניעלאַ האָט פאַרמאָגט געזעלשאַפטלעכן שאַרם, גרויס־צוגיק אָנגענעם אין פערזענלעכן קאָנטאַקט, אַ בליציק שאַרפע מחשבה האָט באַגלייט איר וואָרט, וואָס איז געווען אויסגע־בונדן מיט אומגעוויינלעכן הומאָר, וואָס דאָס האָט טיילמאָל נייטראַליזירט איר עשקנות ביז פאַנאַטישקייט ביים פאַרטיידיקן ליידנשאַפטלעך אירע אָנשויונגען און פרינציפּן.

זי איז געווען אַקטיוו אין די ראַדיקאַלע קרייזן פון דער פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע־פּאַרטיי), נאָך פריִער ביי

די „אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן", דערביי פלעגט זי מיט אַ באַזונדערער פּיעטעט רעדן וועגן דער פּילסודסקי־פּערזאָן, באַזונדערס אין זיין פריִען קאָמפּעריש פּעריאָד.

נישט ווינציק צייט האָבן מיר געפּטרט אויף וויכוחים, ביז קעגנזייטיקע וואָרט־אָנגריפן, ספּעציעל אין די פראַגן פון אַסימילאַציע, אָדער אָפּהיטן די זעלבסטשטענדיקע נאַציאָנאַלע ראַם פון פּאָליטישער צוגעהעריקייט.

כ׳פלעג שמערצלעך ליידן פון אירע, טיילמאָל אין שפּאָט, איראָנישע אַלוזיעס אין שייכות צו מיין יוגנטלעכן עלטער. ס׳פלעגט מיר פאַרקומען ווי אַ גרינגשעצונג איר, מיט הנאה אַרויסגעזאָגט ווערטל: — „וואָס קען מען אין אייערע יאָרן באַנעמען", און גלייך פלעגן אירע פריילעכע קלוגע אויגן מוטערלעך זיך פאַרענטפערן, איבערבעטן. — זי האָט געקענט מיין שוואַכקייט.

צו דער ערשטער פאָרשטעלונג אויף וועלכער כ׳האָב זי פאַרבעטן איז געווען „יודיטאַ" (יהודית) פון זשיראַנדאָ אין טעאַטער „נאָווי", אין דער הויפּט־ראָל מיט אירענאַ אייכלער.

צו איר האָט באַזונדערס געוועדט די אייגנאַרטיקע קאָנ־צעפּציע און די טעמאַטישע טראַקטירונג פון מחבר, וועלכער האָט אַנטבלויזט, אַרונטערגעריסן די לעגענדע, דעם מיסטישן שלייער פון דער יהודית־געשטאַלט, וועמען די כהנים האָבן אין משך פון דורות זי אין אַ מיסטעריעזן קולט פאַרוועבט.

דער מחבר באַווייזט אונדז די געשטאַלט אין אַספּעקט פון ערדישע, מענטשלעכע שוואַכקייטן און ליידנשאַפטן, בעת יהודית בלייבט אויג אויף אויג מיט האָליפאַרנעסן, דעם פיינד פון איר פאָלק, ווערט זי פּלוצעם באַצויבערט פון זיין מענע־רישקייט און גערייצט פון תאווה פאַרבערענגט זי מיט אים די

נאַכט אין זיין געצעלט און צום סוף שניידט זי אַרונטער זיין קאָפּ, — ליבע געפּאָרט מיט טויט.

— פאַר מיר איז ניי, — האָט אַניעלאַ געזאָגט, — דער דאָזיקער צוגאַנג. כ׳הויב אויך אָן צו פאַרשטיין אייער באַגייסטערונג פאַר דער יונגער שוישפּילערין. זי האָט איבערצייגט מיט איר אָלימפּישער האַלטונג אינעם הימן וועגן דער יונגפרוילעכקייט.



כ׳האָב אָנגעהויבן אַכטן אירע זעלישע אייגנשאַפטן, ווי איר זינלעכן טעמפּעראַמענט. — זי האָט מיך אפשר מער גערייצט ווי באַאומרויִקט.

איין מאָל האָט זי מיך מיטגענומען צו אירן אַן אַרויסטריט. נישט אַזוי די רייפקייט פון געדאַנק, ווי איר געוואָגטקייט און זעלבסטזיכערקייט האָבן געווירקט. איר פּרוויִשע האַלטונג האָט באַגלייט רעטאָרישע געשיקטקייט. יעדער אָפּלאָדיסמענט האָט זי געשטאַרקט. זי איז געשטאַנען רויִק, געצוימט אין זשעסטיקולאַציע און פון צייט צו צייט האָבן אירע אַקסלען אונטער דער, ביזן האַלדז געשלאָסענער בלוזע, האָסטיק זיך באַוויגן. שווער געווען צו באַצייכענען, אויפכאַפּן די פאַרב פון אירע אויגן, די שטענדיק אָפּגעפרישטע ניואַנסן האָבן זיך פונאַנדערגעשפּילט אין דער קאָלירפולער האַרמאָניע פון אירע בליקן.



ביי איינער פון אונדזערע באַגעגענישן האָט אַניעלאַ אין

אַ טאָן פון אַ פייערלעכער בשורה מיך פאַרבעטן צו זיך אין זייער זומער־וווינונג אין אָטוואָצק, אַקצענטירנדיק דערביי די ווערטער: — מיר וועלן זיין אַליין, — אומגעשטערט אַליין...

אַ גלי האָט אַדורכגענומען מיין גוף. מיט תשוקה האָב איך געוואַרט און געגאַרט דעם מאָמענט. גלייכצייטיק האָב איך אָבער דערשפּירט אַן אינערלעכן אָפּהאַלט, אַ העמונג, אַ געפיל האָט אונטערגעזאָגט: אַ מוטער פון צוויי קינדער און איך...



מיט נישט דרייסטע און אומזיכערע טריט האָב איך זיך דערנענטערט צו זייער זומער־וווינונג. וואָס נענטער כ׳בין צוגעקומען אַלץ פאַרזיכטיקער בין איך געוואָרן ווי איינער וואָס פאַרגנבעט זיך אין געהיים מיט נישט קיין ריינע כוונות. אָנקלאַפּנדיק אין טיר האָב איך דערשפּירט דעם פאַרשנע־לערטן ריטם פון מיין האַרץ־קלאַפּן. פון יענער זייט טיר האָט זיך דערהערט דאָס אויפשליסן פון שלאָס, וואָס איז מיר פאַר־געקומען עפּעס פאַמעלעכער און שטילער ווי אַלע מאָל.

אַניעלאַ איז געווען אָנגעטאָן אין אַ דין געבלימטן איינ־היל. זי האָט דערלאַנגט מיר איר האַנט און אירע בליקן האָבן דיסקרעט געשמייכלט. אַ בלאַסע שיין האָט קוים באַלויכטן דאָס ווינקל נעבן איר בעט. זי האָט מיך געבעטן זיצן און אַליין איז זי פאַרשווונדן אין קעגנאיבערדיקן קליינעם צימער.

אין האַלב־טונקל פון דער אָפענער טיר האָט אויף דער אונטערשטער וואַנט זיך פונאַנדערגעוויגט דער שאָטן פון איר סילועט, יעדע באַוועגונג פון איר גוף. אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך איר בגד, האָט מען דייטלעך געמערקט די שאַרפע קאָנ־

טורן פון איר אַנטבלויזטן קערפּער; אַ נעפּל־דינער געוועב האָט שאַטנדיק געררייצט און געלאָקט.

אַ ציטער האָט אַדורכגעפיבערט מיינע גלידער. אָפּהענ־טיק בין איך געבליבן זיצן אויפן שטול. באַמערקנדיק דעם הילפלאָזן אויסדרוק אויף מיין געזיכט, — האָט אַניעלאַ זיך דערנענטערט און אָנגענומען מיין האַנט, מיר האָבן זיך אַוועק־געזעצט אויפן ראַנד פון איר בעט. די צוויי אָנגעגאָסענע בעכערלעך האָט קיינער פון אונדז ביידן נישט באַרירט.

כ׳האָב דערשפּירט אויף זיך איר הייסן אָטעם און ליידנ־שאַפטלעכע גליסטונגען האָבן מיך פאַרגאָסן.

— איר, ווי איך זע, — האָט אַניעלאַ אין אַ טאָן פון שפּאַסיקן פאָרוווּרף אַ זאָג געטאָן, — זייט ווי אַ קינד. אין יענעם אָוונט ביי סטעפאַן, בעת מיר האָבן צום ערשטן מאָל זיך באַקאַנט, זענט איר פיל דרייסטער געווען. איר דערמאָנט אייך? און איצט... אירע ווערטער, דער טאָן, האָבן מיר ווי אַלע מאָל געטראָפן אין מיין מענער־שער גאווה.

אירע פעדאַנט פאַרקנוילטע האָר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט איבער מיין געזיכט, האָבן מיט זייער ווייכקייט געררייצט מיין שפּירן. די בריסט־וואָרצלען אירע האָבן אַ ברי געטאָן מיינע באַקן. איינגעגלידערט אין אירע אָרעמס, האָט איר האַנט מיט מוטערלעכער צערטלעכקייט וואַרעם געפינגערט איבער מיין רוקן...



נאָך אַ לענגערער צייט פון מיין אָפּוועזנהייט אין וואַרשע, האָב איך צו מיין שטוינונג און איבעראַשונג דערהאַלטן פון איר אַ בריוו פון ארץ־ישראל, ווו זי מיט איר משפחה האָבן זיך אויף סטאַביל באַזעצט.

שפּעטער, זענען אָנגעקומען די מלחמה־יאָרן, וואָס האָבן איבערגעריסן אונדזער קאָנטאַקט.

— — — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב פאַרגעדענקט דעם אַדרעס פון זייער וווינונג אין תל־אביב. באַהערשט פון אַ אינערלעכן אָפּהאַלט האָב איך פון טאָג אויף טאָג אָפּגעלייגט מיין באַזוך. דער נייגיר האָט אָבער גובר געווען.

אויפן וועג צו איר וווינונג האָט אַ פיבערדיקער אימפּולס־געאיילט מיינע טריט, אַן אימפּעטיקע־הייטערקייט האָט באַהערשט מיין געמיט. אָבער וואָס מער כ׳האָב זיך דערנענטערט צו דער גאַס ווו זי האָט געוווינט, אַלץ פאַרלאַנגזאַמטער איז געוואָרן די איילעניש, ווי פונעם ווילן צו פאַרהאַלטן, פאַרלענגערן דעם געניס פון דערוואַרטונג. בילד, שטימונג, אימאַזש האָבן אַדורכגעשנירלט מיינע דערמאָנונגען, איין ניואַנס האָט פאַשלונגען דעם צווייטן: ווי וועט זיין די ערשטע באַגעגעניש, — וועט זי מיך דערקענען?

אין דמיון האָבן זיך געצייכנט אַלע מעגלעכע ענדערונגען אין איר אויסזען: אפשר דאָ און דאָרט אַ רינצל אויפן שטערן, אַ קנייטש אין געזיכט, טונקעלער אירע בלאָנדע האָר, מאַטער דער גלאַנץ פון אירע אויגן? מיך האָט געשראָקן די מינוט פון אונדזער באַגעגעניש.

אַ באַבלימטער גאָרטן האָט געפירט צו די שטיין־טרעפּ פון זייער פאַרטער־הויז. דער סדר פון די בלומען־פלאַנצן אויף אַ באַרגיקן פלאַץ נעבן אַ זאַמדיקן באָדן, האָט מיך דערמאָנט אין זייער זומער־וווינונג אין אָטוואָצק. ס׳האָט נאָר געפעלט דער הונט פאַר וועלכן כ׳פלעג זיך שרעקן.

כ׳האָב געדריקט אין טירן־קנאָפּ. נאָך אייניקע מינוטן האָט זיך באַוויזן אַ פרוי.

— צו וועמען ביטע ?

— ווינט דאָ פרוי אַניעלאַ ?

— קענטיק, האָט זי זיך אָפּגערופן, — געדענקען מיך נאָך מענטשן מיט מיין אַמאָליקן נאָמען. — איך בין עס, — ענת.

וויסנדיק שוין אַז זי איז עס, האָב איך נאָך אַלץ געצווייפלט. כ׳וואָלט זי נישט דערקענט. מיך האָבן דערשראָקן אירע טרוקן־אויסגעלאָשענע בליקן, דער צער האָט געגרויט אויף איר איידל פאַרצערט געזיכט. איבערן גערינצלטן שטערן האָבן זיך נאָך פאַרהאַלטן מיט זייער געדיכטקייט אירע ווייכע אַש־גרויע האָר. נישט פאַרענדערט איז געבליבן די שיין־געפורעמטע קליינע נאָז, ווי אויך איר שטימע.

אַ זויבערער אומעט האָט געבושעוועט אין די גרוימע צימערן, לאַנגווייל האָט זיך געטראָגן פון יעדן ווינקל.

— ווער זייט איר ? האָט זי מיך אַריינקומענדיק אין שטוב געפרעגט. כ׳האָב געזוכט ווערטער און געשטאַמלט.

— דערקענט איר מיך נישט ? שוין זשע האָב איך זיך אַזוי פאַרענדערט ? דערמאָנט איר אייך נישט אין אונדזערע באַגעגנישן ביי דער לערערין סטעפאַ אין וואַרשע, די באַזוכן אין פוילישן טעאַטער ?

— געוויס, געוויס געדענק איך יענע צייט, סטעפאַ פון טוואַרדע־גאַס. אָבער נעמט נישט פאַר אומגוט, אָבער... כ׳בעט אייך חזרט איבער אייער פולן נאָמען.

שווער געווען אַראָפּצולייענען פון איר פּנים : דערקענט זי מיך ווירקלעך נישט, אָדער איר איז באַקוועמער צו צווייפלען ?

נאָך אַ ווײַלע באַטראַכטן מיך האָט זי אין אַ וויי־שטילן טאָן אויסגעפּליסטערט : — אפשר טאַקע, — איר זעט נאָך זייער יונג אויס.

ביי די ווערטער האָט זי געלענקט אירע בליקן אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט ווו ס׳האָט געהאַנגען אַ פּאָרטרעט. — איר פאַרשטייט, — אין דער צייט איז ביי אונדז אַ זון... אין מלחמת־השיחרור...

לאַנג האָב איך זיך נישט פאַרהאַלטן. דאָס איז געווען אַ פיינלער־אָנגענעמער באַזוך.

ווען כ׳האָב שוין פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, האָב איך דערהערט רופן: — זייט אַזוי גוט.

כ׳האָב זיך אומגעקערט. ענת איז צוגעגאַנגען צום שופלאָד פון שאַנק, און אַרויסגענומען אַן אַלבאָם, אים געעפנט און געוויזן מיטן פינגער אויף אַ בילד און געפרעגט:

— דערמאָנט אייך עפּעס דאָס בילד? דעקענט איר עמעצן פון די געזיכטער?

כ׳האָב זיך איינגעקוקט, זיך דערמאָנט און דערקענט: דאָס איז געווען אַ פאָטאָגראַפיע פון יענעם אָוונט ביי סטעפאַן, בעת מיר האָבן זיך דאָרט צום ערשטן מאָל באַגעגנט. געזען אַלעמען ווי אויך אונדזביידן אויף דער ענגער גרין־פּלושענער־סאָפע. געזען ווידער איר רונד געזיכט, קלוגע בליקן, אירע אַנטבלויזטע אָרעמס.

מיר האָבן זיך איצט ביידע באַטראַכט. צום ערשטן מאָל אין דעם קורצן באַזוך האָט אַ ליבלעכער שמייכל זיך באַוויזן אויף איר געזיכט, ווידער אַ וואַרעמע מילדקייט אין אירע בליקן.

— איך גלויב אַז איר מוזט נאָך געדענקען אונדזער זומער־וווינונג אויף דער ליניע? — האָט זי מיט חמימות געפרעגט.

— געוויס, דער אַריינגאַנג אין אייער וווינונג, די בלומען, האָבן מיך ווירקלעך דערמאָנט אייער וווינונג אין אָטוואָצק.

— נישט כדאַי אפשר צו דערמאָנען דעם נעכטן, שווער אָבער אים צו פֿאַרגעסן, — האָט זי אין פֿאַרטראַכטקייט שטיל אויסגעפּליסטערט.

# אין קליינעם פּענסיאָן

כ‎מיר געפינען זיך אויפן הר כנען. עס שליסט זיך אַ קייט פון בערג. בערג נידעריקע און העכערע, נאַקעטע, אַ טייל שיטער־באַוואַקסענע, אַנדערע — טונקל באַגרינטע. איבער זיי — אַ בלויער, לויטערער הימל. דער אמתער הר־כנען פון חומש, וועלכער האָט זיך אַזוי איינגעקריצט אין זכרון נאָך פון די חדר־יאָרן.

די פרימאָרגנס זענען קילע. אין די פרימאָרגנס איז די גאַנצע נאַטור אין דיין רשות. די בערג, נישט פאַרשטעלטע פון נעפל, נאָר אַ דינע נעץ פון פרישן טוי פאַלט אַראָפּ און עס צייכענען זיך שאַרף די קאָנטורן פון די ווייטסטע באַרג־רוקנס, וועלכע קייטלען זיך, שלענגלען זיך און פירן אַראָפּ אין די טיפן, צום טאָל ווו עס געפינט זיך צפת.

באַטראַכטסט די לאַנדשאַפט. די פּאַנאָראַמע דערמאָנט פון דאָס ניי דעם בראשית ברא. אַ בליק אַראָפּ צופוסנס די בערג,

און פאַר אונדז — די קאַפּשווינדלענדיקע געדרייטע סערפּענ־טינע וועגן. מיר זעען פאַר זיך די גאַנצע פּראַכט פון דער געגנט: פעלדזן און שטיינער, טרעפּ אַראָפּ, טרעפּ אין אַלע זייטן, חורבות פון פאַרצייטיקע אַלטע הייזער, דאָ און דאָרט נידעריקע, געקרייזלטע איילבירט־ביימער. דאָס אַלץ דערמאָנט די פאַרצייטיקע הייליקע בילדער פאַר די קריסטן, וועלכע יידן פלעגן זיי פאַרקויפן אויף די ירידים אין אונדזערע פּוילישע שטעטלעך, דו פילסט ממש דעם גערוך פון פאַרב פון אָט די פּריש־געדרוקטע בילדער.

די שאָסייען און שטעגן פירן קיין צפת, די שטאָט פון אַמאָליקע מקובלים.

ווי נאָר עס פאַלט צו די נאַכט — זעען די בערג אויס העכער, אויסגעגלייכטער, זיי גרייכן ממש צו די הימל־הויכן. מיר דערשפּירן זיך אינטימער צו דער נאַטור, מען דערפילט דעם סוד פון דורות.

עס צינדן זיך די נאַכט־ליכטער. אויף די גאַסן פון צפת אַ לעבהאַפטע באַוועגונג. פון דאָ און דאָרט דערטראָגן זיך קלאַנגען פון טאַנץ־מוזיק.



אַ שמאָלער, זייטיקער וועג אויסגעפלאַסטערט מיט גלאַ־טיק גרויסע שטיינער פירט צום פּענסיאָן. דער פּענסיאָן „פרידמאַן" געפינט זיך אין אַן אַלטן אַראַבישן הויז. די צי־מערן קליינע מיט הויכע געוועלבטע סופיטן, איינגעאָרדנט באַשיידן אָבער אינטים. — עס איז אויך ווייט פון דרויסנדיקן רעש. דער אויסבליק דורך די פענצטער האָט געפירט צו נאַקעטע, נישט הויכע אָפּגעוועלקט־גרינע באַרג־פּראָפילן,

וועמענס קאָנטורן האָבן זיך פאַרלוירן אין אַ שוואָמיקער פאַרנעפּלטקייט.

דער קור־סעזאָן האָט קענטיק זיך שוין געענדיקט. צו מיטאָג זענען מיר געווען בלויז דריי געסט. ביי מיין טיש איז געזעסן אַ יונגע פרוי און אין אַ ווינקל ביי אַ טישל איז געזעסן איינער אַליין אַן עלטערער מענטש, מיט אַ געדיכט־ווייס בערדל — אַ מאָלער, שטענדיק מיטן פּאַסטעל־קרייד אין האַנט און פאַר אים אַ צייכנערישער טאָוול.

— לאַנגווייליק, האָט נישט דרייסט זיך צו מיר אָנגערופן מיין שכנה, — לאַנגווייליק, נישט אמת? — סוף זומער.

אַזוי זענען פאַרביי אייניקע טעג. אַ וואָרט, נאָך אַ וואָרט, אַ שמייכל און מיר זענען געוואָרן באַקאַנט. די פרוי האָט פאַרמאָגט היימישקייט. שטענדיק פשוט אָבער פעדאַנט געקליידט. דער פרייליכער בליק פון אירע טונקל־ברוינע אויגן האָט דערנענטערט, געוועקט אינטערעס, אַפילו פּראָוואָצירט.

— איר, — זע איך, באַטראַכט, — האָט זי מיר זיצנדיקביים טיש געזאָגט, — מיין קידושין־רינג אויף מיין פינגער. זע איך אייך אויס נאָך צו יונג צו האָבן חתונה געהאַט? כ׳בין עלטער ווי איר מיינט. ווי איך פאַרשטיי, — האָט זי פאָרגע־זעצט, — זענט איר נישט לאַנג אין לאַנד. אויב אייך איז נאָך נישט באַקוועם צו רעדן עברית, קענען מיר רעדן יידיש, פויליש, אויך רוסיש.

— יאָ, איר האָט געטראָפן. אַ נייער אין לאַנד און צום ערשטן מאָל אין צפת... ווייבלער, קאָקעטיש האָבן אירע דראָבנע פינגער פון צייט צו צייט באַרירט די לאָקן פון אירע ווייכע שאַטען־האָר. קינדישקייט איז געווען אין די גריבעלעך נעבן די קישעלעך פון אירע הענט.



וואָס נענטער, אינטימער ס׳זענען געוואָרן אונדזערע גע־שפּרעכן, אַלץ ערנסטער איז זי מיר פאָרגעקומען; פון דער נאָענט האָט מען דייטלעך געקענט מערקן ווי פון הינטער דער פאָרצעלאַן־דינער, העל־קרעם געפּלעגטער הויט פון איר גע־זיכט זענען פאַרבאַהאַלטן שמערצלעך־אויסגעאיידלטע שפּורן פון איבערלעבענישן. טיילמאָל האָט איר פריידיקן שמייכל באַגלייט אַן אומרו, אַ נערוועזער רעפלעקס.

אין אַזעלכע מינוטן האָט איר שטים מיר אויסגעוויזן צו זיין ווייכער, ליבלעך־וואַרעמער, איר וואָרט האָט באַרויִקט, געגלעט און גערייצט צוגלייך.

— איר האָט אפשר באַמערקט, האָט זי ווי אַ סוד מיר איינגערוימט, — דער אַלטיטשקער דאָרט אין ווינקל, שוין איניקע טעג ווי ער באַטראַכט מיך. אַ בליק און ווידער אַ צייכן מיטן בליי איבער זיין פּאַפּיר. קענטיק, ער צייכנט מיין פּאָרטרעט.

— אויף זיין אָרט וואָלט איך אויך דאָס זעלבע געטאָן.

— זע איך אים אויס אַזוי שיין, האָט זי שפּאַסיק גע־פרעגט?

פאַר אַ מאָלער, מוזט איר פאַרשטיין, איז שיין דאָס וואָס זעט אים אויס צו זיין אינטערעסאַנט.

— זאָל איך עס אָננעמען ווי אַ קאָמפּלימענט? — אַ דאַנק.



אין איינעם פון די לאַנגווייליקע פאַרנאַכטן, האָט מיין שכנה מיר פאָרגעלייגט צו מאַכן מיט איר אַ שפּאַציר אויף דער „מצודה״, איך האָב מיט פאַרגעניגן צוגעשטימט.

— אויף „מצודה״ וועט איר קענען זען דעם באַרגיקן

אַרום, דעם צויבער פון דער נאַכט, וועלכער שפּרייט זיך צו־פוסנס פון באַרג. עס האָט געלאָקט איר שטיפעריש מעלאָדי־שער טאָן, דער קאָקעטישער חן.

דער שטילער געוויש פון די בלעטער האָט זיך סודותפול געטראָגן ווי אַ תפילה־געמורמל. פּאַרזיכטיק, טריט ביי טריט, זענען מיר געגאַנגען איבער די גלאַטיקע שטיינער און געדיכטע קוסטעס ביי די סטעזשקעס וואָס האָבן געפירט צום באַרג, און בעתן אָנשטויסן זיך אין אַ גליטשיקן שטיין האָבן זיך אונדזערע הענט באַרירט, געפאַנגען, און אַ מהיהדיקע שפּירונג, אַ וואַרעמקייט האָט דורכגעריזלט אין די אָדערן.

ראַשיק, מיט אַ מאָל איז צוגעפאַלן די נאַכט. די לעצטע פיאָלעט־בלאַסע שטרייפן אויף די הימל־ראַנדן זענען פאַר־שוווּנדן ווי זיי וואָלטן פאַרשלונגען געוואָרן דורך דער דינער נעפּל־נעץ וואָס האָט פאַרצויגן דעם באַרגיקן האָריזאָנט און איז געוואָרן געדיכטער און טונקעלער. די קאָנטור־שאַרפן פון די באַרג־רוקנס האָבן זיך אויסגעוויזן איצט מילדער, שוואָמי־קער און זיך צונויפגעגאָסן מיטן נאַכט־בלוי.

אַ רונד־געדרייטע סערפּענטינע האָט געפירט אַרויפצו צו דער „מצודה". דערווייל איז אַ פול־לבנה־שיין אויפגע־גאַנגען, וואָס העכער מיר זענען אַרויף אַלץ העלער איז געוואָרן. אַ ווינטל האָט מילד געצערטלט מיט מחיהדיקער פרישקייט. דער נעפּל איז זיך פונאַנדערגערונען און אַ דורכ־זיכטיקע לויטערקייט האָט דערלויבט דעם אויג צו גרייכן צו די ווייטקייטן פון האָריזאָנט.

אויפן סאַמע שפּיץ פון באַרג. דאָס הימל־געוועלב, די בלאַסע שטערן האָבן דערמאָנט אַן אַלטפּרענקיש חופּה־באַדעק פון בלויען פּלוש מיט גאָלד־פּליטער אויסגענייט, די אַראָפּ־הענגענדיקע שפּיזיקע צווייגן פון די נאָדל־ביימער, האָבן ווי

פרענזלען אַרומגעזוימט ביי די ברעגעס פון דער הימל־חופּה.

די לבנה־שיין האָט זילבערדיק באַהעלט דעם צאַרטן פּראָ־פיל פון מיראַס פּנים, אַ שפּילעוודיקער חן האָט געפינקלט אינעם גלי פון אירע אויגן.

מיין באַגלייטערין האָט דערציילט עפּיזאָדן מיט טויזנטער גרוילן פון אירע איבערלעבענישן: אין געטאָ, אַ געוויסע צייט אויף דער אַרישער זייט, שפּעטער מיט די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער פון וואָלין. געפאַרן, טויט־שרעק, האָפענונגען, — די אויסגעבענקטע שעה פון באַפרייונג.

— איך, — האָט מירא דערציילט, — בין געווען די יינג־סטע צווישן דער גרופּע אין וואַלד, קוים 17 יאָר אַלט. אויסער איינעם אַ ווייסרוס האָט קיינער נישט געוווּסט, אַז איך בין נישט קיין קריסטין. יעדע ווײַלע האָב איך איבערגעלעבט טויט־שרעק, אַז יענער ווייסרוס זאָל מיך נישט אויסגעבן אָדער שאַנטאַזשירן. צו מיין מזל האָט ער זיך לגבי מיר אויפגעפירט קאָרעקט. קיין מאָל פלעגן מיר נישט רעדן וועגן דעם, נאָר זיינע בליקן האָבן געעקבערט, ווי געגעבן אָנצוהערן: — איך ווייס. נאָך היינט, ווען איך טראַכט וועגן יענע טעג, בלייב איך זיצן אין פאַרשטומטן גליווער, איך פיל אויף זיך יענע בליקן...

ליכט־רעפלעקסן האָבן געצערטלט איר געשאָטנט געזיכט; יעדער געזיכט־גרימאַס האָט דערציילט, יעדע ווײַלע שטיל־שווייגן האָט גערעדט. זי האָט געשילדערט פּרטים, ס'זאָל נישט פאַרלוירן גיין קיין מינדסטער ניואַנס. ווי פאַר זיך האָט זי איי־ניקע מאָל איבערגעחזרט די ווערטער פריי זיין... פריי זיין... ווער קען פאַרשטיין, פילן דאָס גליק פון ווידער לעבן, — פריי אָטעמען...

היימישע וואַרעמקייט, יידישער אומעט האָט געטליעט אין

יעדן וואָרט. דער אומעט איז געווען דורכגעדרונגען מיט שפּאָסיקייט, יוגנטלעכן הומאָר.

— עס ווילט זיך פאַרגעסן און געדענקען צוגלייך. זעט ווי שיין דאָ איז. אַלץ קומט מיר פאָר ווי אַ נייער בראשית.

— וויפל מאָל כ׳האָב זיך צוגעזאָגט מער קיינעם נישט צו באַומרויִקן מיט מיינע איבערלעבונגען, עס העלפט נישט. ווידער און ווידער, וויל איך אויסדערציילן, פלוידערן אָן אַ סוף.

מיראַ האָט לייכט אָפּגעווישט איר שטערן, די אַקסל־רונדן האָבן פרייער זיך באַוועגן ווי זי וואָלט זיך באַפרייט פון אַ לאַסט. דער נערוועזער צאַפּל פון די אַקסלען איז פאַרשוווּנדן ווייבלעכער איז געוואָרן איר האַלטונג, אויסגעאיידלטער איר פּנים.

אַ צווייג האָט זיך פונאַנדערגעוויגט ווי אַן אומרו פון אַ וואַנט־זייגער און האָט שפּילעוודיק געשאָטנט איבער איר געזיכט, הין און הער, הין און הער, רויִקייט האָט זיך געזעץ אין אירע צעשמייכלטע אויגן, מאַרמאָר־גלאַטיק און מאַט, איז געווען די הויט פון איר האַלדז.

— אַ שאָד, האָב איך זיך אָנגערופן, וואָס דער אַלטיטש־קער, דער מאָלער איז איצט דאָ נישטאָ. איצט וואָלט ער באַדאַרפט זען אייער געזיכט.

— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן?

— איר דוכט מיר אויס אַנדערש צו זיין ווי יענע מיראַ אין פּענסיאָן.

— ווי הייסט אַנדערש?

— מאָלעריש אינטערעסאַנטער, אויסדרוקפולער. ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט דער סוד פון אייערע ליידנשאַפטן.



אַן אלולדיקער אומעט האָט זיך געטראָגן און זיך געשפּרייט צווישן די בערג. ווי אויף די פליגלען פון ווינט זענען געקומען צו שוועבן פאַרבאָרגענע טענער, אַ ניגון, אַזאַ היימישער ניגון, אַ ניגון פון סליחות. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ געוועב פון דינע גאָלד־ווייסע פעדעם שפּינען זיך אין קרישטאָל דורכ־זיכטיקן פּיאַלעט, וועלכער האָט ווי אויפגעטוליכט צווישן דער צווייגן־געדיכטעניש; פאַרצייטיקע אותיות האָבן זיך באַוויגן, געפלאָטערט מיט קבלה־רמזים.

מיין דמיון האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ צווייטער וועלט, אין אַ ווייט לאַנד, אין דער סביבה פון קיטעוו און קאָסעוו, אַהינצו ווו עס איז געבוירן געוואָרן די בעל־שם־לעגענדע. ס׳האָבן זיך פאַרווישט די מחיצות און צייט־מרחק. די הימל־חופּה האָט אַלץ דערנענטערט, פאַראייניקט, אינטים געמאַכט דעם עבר מיט דעם היינט.



אין דער קילער פרישקייט פון דער לופט, האָב איך נאָר געשפּירט דעם ברי פון אירע ליפּן, דעם צאַפּל פון אירע אַקס־לען, דעם פינגער־באַריר אירן אויף מיין געזיכט. די בוימער האָבן זיך שטיל צעוויגט ווי יידן ביי שמונה עשרה און דער סליחות־ניגון האָט זיך דערווייטערט, דערווייטערט.

אומבאַמערקט האָבן זיך אונדזערע אָרעמס באַפרייט.ביידע האָבן מיר געוואַרט, דער צווייטער זאָל איבעררייסן דאָס שווייגן.

— — — — — — — — — — — — — — —

צפת איז שוין געזונקען אין טיפן שלאָף. די לאָדנס פון די

פענצטער זענען אומעטום געווען געשלאָסן, נאָר די אַרומיקע בערג האָבן ווי וועכטער געהיט די פּאַרכטיקע שטילקייט.

איר דערמאָנט אייך, האָט מירא געפרעגט, דאָס יידישע פאָלקסליד: „עס דרימלט דאָס שטעטל, די לאָדנס פאַרמאַכט, צו מיר מיין געליבטער, אין שטיבעלע אַריין".

מיר גייען צוריק. דער וועג צום פענסיאָן פירט אַראָפּ אין דער נידער. דער ריטם פון אונדזער אָטעם האָט אין דער שטילקייט באַגלייט אונדזערע טריט.

מיין קוזין דוד קריינדלער אין אַנדענק.

# סטעפאַניאַ

סטעפאַניאַ האָט זיך געגרייט אין וועג צו אַ באַזוך ביי איר שוועסטער אין אויסלאַנד. איך בין געקומען זיך געזעגע־נען, באַגלייטן זי צום פליפעלד.

אַ טויבע פוסטקייט האָט מיך באַגעגנט אויף דער שוועל פון זייער וווינונג. אומהיימלעכער אומעט האָט געשוויבלט אין אַ יעדן ווינקל פון די אויפגערוימטע צימערן.

מיטן טויט פון סטעפאַניאַס מוטער איז אָפּגעשטאָרבן די היימישע וואַרעמקייט, דאָס משפּחהדיקע אין זייער הויז.

די ראַנצן געפּאַקט, אַלץ איז גרייט געווען צום פאַרלאָזן דאָס הויז. זאַלבעדריט, סטעפאַניאַ, איר פאָטער און איך, זענען מיר געשטאַנען אין מיטן פון חדר נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. איר פאָטער האָט נערוועז פאַרצויגן אַ ציגאַר. — אין יענעם מאָמענט האָט ער, קען זיין, דערפילט בחוש, —

מער ווי ווער פון אונדז, — דעם פונאַנדערפאַל פון משפּחה־ווינקל, — אַז היים איז פאַרגאַנגענהייט.

אַ שטויביק פריקרע ווינטל האָט געריסן די פירהאַנגען אויף די אָפענע פענצטער, — ס'האָט געווייעט מיט פרעמדקייט.

אַ קאַלטער אָפּהילך פון דער פאַרקלאַפּטער דרויסן־טיר, האָט באַגלייט אונדזערע טריט.

מערקווירדיק, סטעפאַניאַ האָט זיך מער נישט אומגעקוקט, קיין בליק געוואָרפן צו דער פאַרלאָזטער היים. —



לאַנג איז אויסגעקומען וואַרטן אין טערמינאַל פון פּלי־פלאַץ. נאָגנדיקער לאַנגווייל האָט באַשווערט דאָס געמיט.

אַלע ווײַלע האָט סטעפאַניאַ געקוקט אויפן וואַנט־זייגער, ווי זי וואָלט וועלן וואָס שנעלער האָבן אַלץ הינטער זיך.

אין אירע מידע בליקן, אין בלייכן געזיכט, האָט זיך געמערקט אַ געצוווּנגענער שמייכל, אַן אָנשטעלערישער זשעסט פון גוט אויפגעלייגטער שטימונג. אָן איבעריקע געזעגענונגס־צערטלעכקייטן, האָבן מיר זיך דערלאַנגט די הענט, ווי צו אַ קורצווײַליקן אָפּשייד.



יענעם אָוונט ערב איר אָפּפאָר, האָבן מיר ווי שטענדיק זיך געטראָפן אין דער אַלייע, וועלכע האָט לענגאויס געפירט צום אויסבליק פון ים. טיפער נאַכט־בלוי האָט איינגעהילט די אַרומיקע שטילקייט. דורך דער נעץ פון די בלעטער, האָבן

פינקלענדיק אַדורכגעשפּיזלט סאַפּיר־שימערירנדיקע שטערן, וועלכע האָבן באַוואַכט די סודות פון נאַכט־שטילער אינ־טימקייט.

דער ים־שפּיגל האָט פון וווייטן געגלאַנצט מיט פּילצאָ־ליקע קאָליריקע ליכטער. ווייט פון די ברעגעס פון יפו־פּאָרט האָבן פּאַטראָל־שיפלעך, ווי בריליאַנטענע־שפּליטערס האַר־מאָניזירט מיט דער אידיליע פון דער כישופדיקער נאַכט־פּאַנאָראַמע. אַ צעשטראַלטער מעטעאָר האָט אַדורכגעשטרייכט די לויטערע הימל־הויכן. און אין מיין שפּירן האָט אַן אומרו זיך פאַרגנבעט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דער קורצ־וויילִיקער באַזוך אירער וועט זיך פּאַרציִען זייער לאַנג, — אפשר אויף תמיד. —

ווי איר טבע, איז סטעפאַניאַ אויך יענעם אָוונט נישט געווען קאַרג אין וואָרט. אונדזער שמועס געפירט האָט צום ווייטן עבר, צו איר קינדהייט, מיין פריִער־יוגנט. אירע דער־מאָנונגען, עפּיזאָדן, האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַ געפיל, אַז זי איז באַהערשט פון אַן אינערלעכן באַדאַרף אָפּצושליסן אַ סך־הכל, ווי איינע וועמען עס שטייט פאַר עפּעס ניי־אומ־באַשטימטעס.

כ׳האָב נישט איבערגעריסן אירע רייד, נישט געוואָלט שטערן דעם ספּאָנטאַן־אינטימען שטראָם פון איר השתפכות.

מיר האָבן דערמאָנט יענע צייט, ווען זי מיט איר יונגערער שוועסטער פלעגן זומערצייט קומען מיט זייערע עלטערן צו אונדז אין שטעטל טאָלמיטש, באַזוכן די משפחה — אונדזער זיידן.

ס׳האָבן אויפגעטויכט קינדערישע שטיפערייען, אָפּגעטו־ענע שפּיצלען, פאַרשאַרטקייטן. —

— אַ פרייד געווען, מיט די קינדער צו פאַרברענגען, —

סימעלע און לאה׳לע. מיין מאַמע פלעג פאַר זיי אָנרייסן פרישע רויטע מאַלענעס. איך פלעג זיי ביידע ביי די הענטלעך פירן אין שטאַטישן גאָרטן, צום באַסיין. אין די טעג פון יריד פלעגן זיי באַוווּנדערן די קונצן־מאַכער און דראַטן־גייער, אָדער זיך איינהערן אין די טרויעריקע אוקראַיִנישע מלחמה־לידער, וועלכע דער בלינדער בעטלער פלעגט אויסטרויערן אויף די סטרונעס פון זיין קאַטערינקע: —

„טשטערנאַציטי ריק סומני נאַסטאַו; ציסאַר או מענע סינאַ זאַבראַו." — „דאָס פערצנטע טרויעריקע יאָר איז גע־קומען, האָט דער קיסר מיין זון ביי מיר צוגענומען". —

שפּעטער די ערשטע באַגעגעניש, נאָך אונדזער אַלעמענס צוריקקער פון רוסלאַנד קיין פּוילן. ווי גרויס איז געווען מיין פרייד און איבעראַשונג בעת כ׳האָב אין קלאָצקאָ, גייענדיק אין גאַס אומגעריכט באַגעגנטביידן, זי מיט איר שוועסטער. איך האָב זיי גלייך דערקענט.

סטעפאַניאַ האָט מיר אויסגעוויזן נישט פיל געענדערט: הויך ווי אַלע מאָל, שמאָלע אַקסל. איר שלאַנק געשטאַלט האָט שוין ווי אין איר קינדהייט אויסגעדריקט אַ באַשטימטע רעזערווירטקייט. בולטע שפּורן פון מיידלשער רייפקייט, זע־נען געווען אין איר אינטערעסאַנטן פּנים. כאַראַקטערפול די טיפן אין אירע אויגן־ווינקלען, די אַנטשיידן־שטרענגע בליקן אירע האָבן פאַרמאָגט וואָג און אינטעלעקטועלן אויסדרוק. נישט געענדערט זענען געבליבן די לאַנגע צעפּ, וועלכע האָבן נאָך געמאַכט יונג־מיידלש איר אויסזען.



נאָך יאָרן וואָגלעניש, צעשיידקייט, — זיי אין פּוילן, איך

אין דייטשלאַנד — האָבן מיר ענדלעך זיך ווידער געטראָפן אין ישראל, — אין מחנה־ישראל. —

פולע רייפקייט האָט געשפּראָצט פון איר געפורעמטער געשטאַלט, יוגנטלעך־באַשיידן געהויבן די ליניע פון איר ברוסט. די טונקל־שאַטענע האָר אירע נאָך נישט געשניטן, די צעפּ אין אַ געפלעכט אויסגעבונדן, נידעריק ביים האַלדז.

איר זעלישע עלעגאַנץ איז געגאַנגען ביינאַנד מיט פאָלקסטימלעכער פשטות און די בכבודיקע נאָבלקייט פון איר האַלטונג האָט געוועקט אַכטונג צו איר.

מיך האָט איבערראַשט אין איר די בליציקייט פון מחשבה, קולטור־אייגנשאַפטן, וועלכע זענען צום אויסדרוק געקומען אויך אין איר שפּראַך און טאָן. פלאַמען פון פאַרשעמקייט פלעגן אויפגיין אין איר פנים, בעת זי פלעגט נישט געפונען דאָס געהעריקע וואָרט, די פּאַסיקע באַצייכענונג פאַר אַ נוי־טיקער געדאַנקלעכער פאָרמולע.

צעשמייכלטקייט אינעם גלאַנץ פון אירע אויגן פלעגט זיך זען, בעת זי פלעגט מיט התלהבות ריידן וועגן דער פּוי־לישער און רוסישער ליטעראַטור, אַ פאַרכאַפּטע פון דער רחבות, מעלאָדישער־פאַרבענקטקייט צום עבאָ פון סלאַווישן־שליאַך.

אין נישט לייכטע אומשטענדן איז איר אויסגעקומען פאַרענדיקן דעם מעדעצינישן פאַקולטעט אין ירושלימער אוּ־ניווערסיטעט. שפּעטער איז געקומען מיליטער־פליכט, די סיני־מלחמה און דער טויט פון איר מוטער. —

שיינגייסט און פשטות האָבן באַגלייט דאָס זינלעך־פּרוויִשע, סובטעל, נישט אַרויסרופעריש, האָבן אָנגעבריטע ליידנשאַפטן געשפּאַרט אינעם הייסן אָטעם פון יונגפרוילעכער פאַרשעמטקייט. ווי ראַשיק מיר פלעגט אויסווייזן דער איבער־

גאַנג אין איר פון מיידלעשקייט צו פרוי. איבער נאַכט, ווי ביי אַ פלאַנץ, האָט מאָרגן־פרישער טוי אַנגעהויכט איר ערנסטיש געמיט.



די ים־פרישע לופט האָט געמילדערט אין איר די לכתחי־להדיקע נערוועזע געשפּאַנטקייט. ווי שטענדיק האָב איך גערן זיך איינגעהערט אינעם פליסטער־שטילן קלאַנג פון איר שטי־מע, — שלוה אין אַ יעדן וואָרט.

דער הייטערער שמועס אונדזערער האָט אין אַ גע־וויסן מאָמענט זיך איבערגעריסן. אין פאַרשוויגנקייט האָט סטעפאַניאַ געקוקט פאַר זיך, נאָכגעפאָלגט אַן אָפּגייענדיק קליין שיפל, וואָס האָט לאַנגזאַם זיך דערווייטערט פון ברעג, — דערווייטערט און פאַרשווינדן אינעם פילקאָליריקן קאַליי־דאָסקאָפּ פון די לייכט צעוויגטע ים־כוואַליעס.

צו ווייט אַוועק אין אונדזערע דערמאָנונגען, — האָט זיך סטעפאַניאַ מיטאַמאָל אָפּגערופן, — מאָרגן פלי איך אָפּ. אין דעם מאָמענט האָבן מיך באַהערשט געמישטע־געפילן: מיך פריידט, בקרוב ווידער צו זען מיין שוועסטער, אויסרוען זיך דאָרט נאָכן קאָשמאַר פון מיינע לעצטע איבערלעבענישן, דערביי בין איך באַהערשט פון אַן אַנגסטיקער אומרויִקייט, פּחד פאַר אַ נייעם פלאָנטער.

דו זעסט, — האָט זי פאָרגעזעצט און אָנגעוויזן אויפן אָפּגייענדיקן שיפל. — אָקערשט איז דאָס שיפל דאָ געווען, שוין זעט זיך פון ווייטן נישט מער ווי אַ העלער ליכט־פונקט. אַלע מאָל נעמט מיך אָן אַנגסט, ווען איך זע אָדער טראַכט וועגן דערווייטערן זיך, וועגן צעשיידן. —

— — — — — — — — — — — — — —

נישט גערן האָב איך יענעם אָוונט באַפרייט איר אָנגע־לענטן קאָפּ אין מיין אַקסל. דורכן נאַכט־בלויען געוועב, האָבן געהעלט אירע דראָבנע פּערל־מאַטע ציין, די לאַנגע פינגער פון אירע שמאָלע הענט. נאַכט־בלוי האָט סובטעלער געצייגט די צאַרט־געשניצטע ליניע אין איר פּראָפיל.

# בלעכענער געקלאַנג

פריִע מאָרגן־שעהען. אַ מילדער זון־אויפגאַנג. אַ ווינטל האָט אָנגענעם געצערטלט מיט פרישן באַגין. ווי אַ תפילה האָט זיך פון ווייטן געטראָגן דאָס צוויטשערן פון די פייגל. אַ באַהעלט־גרינער לאַן האָט באַגלייט מיינע טריט צום בית־הבראה אין קרית־ענבים.

אויפן פאָן פון אויסגעשפרייטן גראָז האָב איך פון ווייטן געמערקט אַ פורפור־רויטן פונאַנדערגעוואָרפענעם בגד, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ ריטער־מאַנטל אויף אַ פּאַרלאָזענעם שלאַכטפעלד.

דערנענטערנדיק זיך צום אַריינגאַנג אין בית־הבראה האָב איך אין ליידיקן גאָרטן געטראָפן אַ פרוי רוען אויף אַ ליג־שטול און נעבן איר אַ רויטן אָנוווּרף.

אויף מיין מאָרגן־גרוס האָט זי נישט געענטפערט, ווי זי וואָלט מיך נישט באַמערקט.

אין די שפּעטערדיקע שעהען האָב איך די פרוי ווידער געטראָפן אויפן זעלבן אָרט. זי איז געלעגן געמיטלער, מיטן פנים צו דער זון און דורך אירע טונקעלע ברילן האָט זי געקוקט ערגעץ אַרויף, פאַר זיך. די זון האָט גאָלדיק באַגאָסן איר איילבירט טונקל־הויטיק פּנים.

כ׳האָב פּראָוואָצירט אַ געשפּרעך, אָבער נישט לייכט איז געווען אַרויסצובאַקומען פון איר אַן ענטפער. אויף איר גע־זיכט האָט זיך געזען אַ מידקייט און צוגלייך אַ צופרידנקייט פון איר אומגעשטערטער מנוחה. אויך די פלעגמאַטיש־געלאַסן אַרויסגעזאָגטע ווערטער אירע זענען געווען מער פון העפ־לעכקייט ווי פון אינטערעס, וועלכע מען האָט געקענט אָנ־נעמען אַלס אָנשטעל און גאווה, וויכטיקייט און רעזערווירטע־האַלטונג.

שוואַרץ־גלאַנציקע האָר האָבן איינגעהילט איר אָוואַל פּנים, די פונאַנדערגעוואָרפענע חן־פעפערלעך האָבן געמיל־דערט און פאַרווייכט איר שטרענג־ערנסטן געזיכט־אויסדרוק. ווען זי האָט באַזייטיקט די זון־ברילן, האָט אַ טונקל־בלוי אַרויסגעבליקט פון אירע פאַרטראַכטע אויגן.

אין קעגנזאַץ צו איר אויסערלעכקייט איז זי מיר פאַר־געקומען איבערגעטריבן צוריקגעהאַלטן, עמפּינדלער־פאַרזיכ־טיק און אפשר גאָר איז עס געווען אַ ראַפינירטע באַשיידנקייט ?



אין די שפּעטערע אָוונט־שעהען האָט מען אין תרבות־זאַל איינגעאָרדנט אַ פאַרוויילונג מיט טענץ.

אָנגענעם פאַרחידושט בין איך געוואָרן דערזעענדיק די ראַשיקע ענדערונג אינעם פאַרהאַלטן זיך פון דער דאָזיקער

פרוי. די אָקערשט פאַרחלומטע „דרימלענדיקע־פרינצעסן״, האָט זיך דאָ אַנטפּלעקט אין פולבלוט פון איר טעמפּעראַמענט אין אירע עלאַסטיש־קערפּערלעכע באַוועגונגען. בעת דעם טאַנצן האָט זי אין אַ געשווינדן געווירבל געלאָזט שוועבן איר גוף. איר טאַנץ ווי איר וואָרט איז געווען געצוימט, פריי פון אַרויסרופערישע־הוויות, יעדער שריט און טאַקט האָט פאַרמאָגט קולטור־געאָרדנטע דיסקרעטקייט. פון איר טונקל־גרין פוכיקן אַנגאָראַ־געפּאַסטן קלייד, האָט זיך בולט געצייכנט דאָס פרויִש אייגנטימלעך־אינטימע, דאָס אָנגעבריט־זינלעכע אין איר געשטאַלט.

פון אונדזער געשפּרעך אין יענעם אָוונט האָב איך באַקומען דעם איינדרוק אַז איר נישט באַריידעוודיקייט, דרינגט נישט אַרויס פונעם באַדאַרף צו פאַרהוילן, מאַסקירן דעם מאַנגל אין אינטעליגענץ. איר שווייגן האָט נישט פאַרמינערט, נישט פאַרבלאַסט אין איר די פון דער נאַטור־באַשאָנקענע פּריווילעגיע, — דעם אַזוי זעלטענעם מיזוג פון קערפּערלעך־פּערפעקטן און זעלישער עלעגאַנץ.

אין יענעם אָוונט האָט זיך אין מיר פאַרטיפט דער אומרו, אַן אָנגענעמער פּלאָנטער, וועלכן כ׳האָב דערשפּירט גלייך פונעם ערשטן איינדרוק.

מיט אומגעדולד פלעג איך אָפּוואַרטן די נאָכמאָלצייט שעהען אין וועלכע מיר פלעגן אַרומשפּאַצירן איבער דער אַרומיקער געגנט. אין מעלה החמישה איז געווען אונדזער ווינקל אין שאָטן פון אַ באַבלעטערטן בוים, דערנעבן קוסטעס רויטע רויזן. האַננאַ איז געווען איר נאָמען.

די אין אָנהויב קעגנזייטיקע רעזערווירטקייט פלעגט שטערן, העמען אין אונדז דאָס נאַטירלעך־פרייע. מיין צוריק־געהאַלטנקייט פלעגט אין די ערשטע טעג פאַרשאַפן איר

אַ באַפרידיקונג. שפּעטער האָט די דיסטאַנץ איר פאַרדראָסיק געשטערט, הגם אויך די שפּיל פון קאָנווענציאָנעלן אָנשטעל האָט פאַרמאָגט איר רייץ.



מיטן קוים מערקבאַרן אויפקום פון טאָג־שיין פלעגט מען זי שוין זען אַרומשפּרייזן איבער די פייכטע גראָזן, צווישן די פלאַנצן און בלומען. זי האָט באַטראַכט יעדעס גרעזל און שפּראָצונג, יעדעס קערנדל אין די בעכערלעך פון אַ צעבלי־טער פלאַנץ. פאַרזיכטיק פלעגט זי שטעלן אירע דראָבנע טריט, נישט צו באַשעדיקן אַ צווייגל.

זי ליבט און לעבט, — פלעגט זי זאָגן, — די פלאַנצן־וועלט, דעם שורש, וועלכער קלאַמערט זיך אינעם געוועב פון דער ערד־טיף, זי ליבט די פאָרם פון די פלאַנצן, זייערע קאָ־לירן־האַרמאָניע, דעם אַראָמאַט.

האַננאַ פלעגט פּאָעטיזירן די אינטעליגענץ פון דער פלאַנצן־משפחה, זייערע פאַרמערונגס־פאַרהעלטנישן. מיט עק־סטאַז פלעגט זי רעדן וועגן ווונדערלעכן נאַטור־פענאָמען. אַ טוי־זאַפט פלעגט אָפּפרישן אירע ליפּן בעת זי פלעגט אַ באַגייסטערטע שוועבן אין טראַנס פון איר פלאַנצן־פלאַנעט.

אַ רמז פון סקעפּטיק, אַ צווייפלהאַפטע באַמערקונג לגבי אירע באַהויפּטונגען פלעגט ענדערן איר שטימונג און ווירקן אויף איר געמיט. ווי איר אויסערלעכקייט האָט פאַרמאָגט שאַרם, — פּרוויזשע אינטימקייט אין יעדן קערפּער־טייל, אַזוי האָט ישוב־הדעת, זעלישע סובטעלקייט אויסגעצייכנט איר שפּירן.

די צווייטע ליידנשאַפט אירע איז געווען באַלעט. די

פלאַנצן, — פלעגט האַננאַ זאָגן, — נערן איר זעלישן דורשט און באַלעט שטילט אירע באַגערן.



כ׳האָב אָנגעהויבן צו באַנעמען, פאַרשטיין און ליב באַ־קומען איר קאָמפליצירטע נאַטור, דעם קאַפּריז, די טיילמאָל נאַיִווע פאַרעקשנטקייט, כ׳האָב אָנגעהויבן באַנעמען ווי אַזוי אימפּולס קומט צום אויסדרוק אין פאַרשוויגנקייט, אין דער שפּראַך פון געמיט. אירע אויגן פלעגן אויסדריקן, דערציילן, מגלה זיין יעדן ניואַנס: עצבות און פרייד, ספק און דעציזיע. אינעם שטילן בלוי פון אירע אויגן האָט געטיפט אידיליע און פּאַסיווע שלווה. גלייכגילטיק פלעגן אירע בליקן זיך אָפּט פאַרהאַלטן אין אַ באַשטימטן פּונקט פאַרטראַכט, ווי אין דיאַלאָג מיט זיך אַליין. אין אַ ווײַלע שפּעטער פלעגט פּלוצעם אויפלעבן אין איר אַ הייטערקייט, אַ ווילן צו דערציילן, שיל־דערן, איבערגעבן עפּיזאָדן פון איר היים און קינדהייט.

אינטימע מאָמענטן פון תשוקה, אַ חשק פלעגט פאַנגען צו באַרירן אירע ווייכע האָר, דעם געפינטלטן מיט פעפערלעך גלאַטיקן האַלדז פון וועלכן ס׳האָט געפירט אַ מילדע ליניע צו די פאַרטיפונגען פון אירע אַקסל־ביינער.



אין איינעם אַ פאַרנאַכט זענען מיר געזעסן אויף אַ פרייען פעלד. דער ראַנד פון האָריזאָנט האָט רעפלעקטירט די לעצטע שפּורן פון זון־פאַרגאַנג. אַ בראַנד־טונקעלער פּיאָ־לעט האָט געפלעקט דעם הימל. אַן אַנגסט־שטיקנדיקע וואַ־

רעמקייט האָט געפּרעסט די לופט, אַן אָנזאָג אויף אַ הייסן צומאָרגנס.

פון ווייטנס האָט זיך דערהערט אַ בלעכענער געקלאַנג. דאָס זענען פאַרבייגעגאַנגען אַ סטאַדע שאָף פון דערנעבנ־דיקן קיבוץ.

האַננאַ האָט אויפגעציטערט. אַ גרין־בלאַסער אָפּשיין האָט זיך באַוויזן אויף איר אָנגעשטרענגט געזיכט און נערוועזע האָבן געפּינטלט אירע צעשראָקענע אויגן. קענטיק, אַז דער געקלאַנג פון די בלעכענע גלעקלעך האָט ביי איר אַרויסגערופן אַזאַ פיינלעכע רעאַקציע.

ערשט ווען איר געזיכט האָט צוריקבאַקומען די נאָרמאַלע פאַרב, דער פיבערדיקער אומרו אינעם בלויען פלאַם פון אירע צאָרנדיקע אויגן האָט זיך געלאָשן, האָט האַננאַ דערציילט אַ טרויעריקן עפּיזאָד פון איר פריִער יוגנט, וועלכער האָט איצט גורם געווען אין איר דעם שאָק.

איר משפּחה האָט געוווינט אין ווין. דער פאָטער איז געווען אַ באָטאַניקער. דאָס האָט פּאַסירט אין דער צייט ווען די היטלער־חיילות האָבן באַזעצט עסטרייך.

אין איינעם אַ זונטיק, זענען צו זיי אין דער וווינונג אַריין צוויי מונדירטע נאַצי־יונגען, ווילד־שיכורע און האָבן געהאַלטן אין דער האַנט אַ משונהדיקן בגד, — אַ בגד פון אַ צירק־קלאָון. זיי האָבן באַפוילן דעם פאָטער אונטער דראָונגען, אָנצוטאָן אָט דעם פּאַיאַצן־לבוש און אויפן קאָפּ אַ משונהדיקן הוט באַהאָנגען מיט גלעקלעך און אויף די אַקסלען פון פאָטער פאַרוואָרפן אַן אויפשריפט „יודע פערעקע״ און געצווינגען זיי ביידן, — זי מיטן פאָטער, — לויפן לענגאויס דער גאַס נישט ווייט פון ווינער „פּראַטער״. דער טראַגישער ספּעקטאַקל האָט אַרויסגערופן נייגיר ביי די שכנים. פון די אָפענע פענצ־

טער האָט זיך געטראָגן ווילד געלעכטער, אַ טייל האָבן די פענצטער געשלאָסן.

אין „פּראַטער" האָט מען זייביידן אַריינגעזעצט אין „ריזן־ראָד" און אַ גאַנצן טאָג האָט דאָס ווינער פּעבל מיט זייערע קינדער זיך געוויילט אויפן חשבון פון זייערע ליידן. ערשט פאַרנאַכט האָט מען זיי הונגעריקע, פאַרחלשטע דער־לויבט זיך צוריקקערן אַ היים.

זינט יענעם טאָג, ווען זי הערט אַן ענלעכן געקלאַנג פון בלעכענע גלעקלעך, באַפאַלט זי אַ שווידער. דער לעסטער־קלאַנג דערמאָנט איר די באַשטיוולטע יונגען און וועקט אויף אין איר דאָס בילד פון טרייבן זיי איבער די גאַסן פון ווין, און איר שטעלט זיך פאָר אַז זי הערט ווידער דעם קעלבערנעם געלעכטער פון די דינסט־מיידן אין „פּראַטער".

האַננאַ איז געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך אויף איר אָרט. טרויער און צאָרן האָבן פאַרגאָסן איר געזיכט. ווידער האָבן אירע בליקן זיך פאַרהאַלטן אויף אַן אומבאַשטימטן פונקט, ווי זי וואָלט וויזועל פון דאָס ניי איבערגעלעבט יענעם גרויל־ספּעקטאַקל אין ווינער „פּראַטער".

# ר ו ת

כ'ויט אַ באַזונדערער הנאה האָב איך, נאָכן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, שפּאַצירט איבער די גאַסן אין דער ריכטונג צו דער אויטאָבוסן־סטאַציע. נאָך דעם אומעט און לאַנגווייל פון דער שפּיטאָל־אַטמאָספער, וואָס וועקט אַ פאַרבענקטקייט צו היימישקייט, צו פריינדלעך־וואַרעמער פאַראינטערעסירונג, האָט אַלץ אויסגעזען אַזוי ניי. די פרישע לופט האָט קיל געווייעט, און אַפילו די פול־ליכט פון דער יונגער זון איז מיר דאָס מאָל ליב געווען.

שטייענדיק אין דער ריי צום אויטאָבוס, האָב איך נישט ווייט פאַר זיך באַמערקט אַ באַקאַנט געזיכט. כ׳האָב זי גלייך דערקענט. דאָס איז געווען, — רות.

מיט אַ טיפער צופרידנקייט האָב איך אָפּגעענטפערט אויף איר צייכן מיט דער האַנט. פייל־בליציק האָט מיך מיין דערמאָנונג געפירט צום נישט ווייטן עבר בעת איך האָב זי צום ערשטן מאָל באַקענט.

רות איז געווען פיל יונגער פון מיר. דער נאַטירלעכער דיסטאַנץ פון עלטער־אונטערשייד האָט אָפּגעהאַלטן, נישט דערלויבט אַריבערצוטרעטן דעם תחום פון קאָנווענציאָנעל־קייט. אויך אין יענעם קרייז וווּ מיר פלעגן זיך בשעתו טרעפן האָט נישט דערלויבט קיין נענטערן קאָנטאַקט. איך בין געווען זייער באַאיינדרוקט פון איר פריינטלעכקייט.

איר פּאַרווײַלערישע נאַטור, דער געזעלשאַפטלעכער נערוו און איר גוטמוט פלעגט אַלעמען באַווירקן. גערן פלעגט מען זיך איינהערן אין אירן אַ שפּאַסיק־פּיקאַנטן אַנעקדאָט, דער־ציילט מיט איר שטיפערישן, דערציילערישן טאָן. איר פריי אוממיטלבאַר פאַרהאַלטן זיך האָט געשאַפן אַן אַטמאָספער פון היימישקייט.

מיר האָבן זיך באַגריסט און דערנענטערט. מיט פולער פריידיקייט פון איר יוגנטלעכער נאַטור האָט זי געדריקט מיין האַנט. ליב איז מיר געוואָרן איר נאָענטקייט.

— לאַנג, — אַ לאַנגע צייט אַז מיר האָבן זיך נישט געזען. כ׳האָב געהערט אַז איר זענט אַ צייט געלעגן אין שפּיטאָל? — כ׳בעט אייך, נעמט עס נישט פאַר אומגוט, — האָט רות צו־געגעבן, — איך דערמאָן זיך נישט אייער פאַרנאָמען.

זי האָט באַמערקט אויף מיר די איבערראַשונג פון דער אומדערוואַרטער באַגעגעניש.

— נישט געריכט זיך אייך דאָ צו טרעפן. — אַן אָנגע־נעמער צופאַל.

— פאַרוואָס אַ צופאַל?

— ווי דען אַנדערש? האָט רות פאַרחידושט געפרעגט. איך דערמאָן אייך זייער אָפט, געוואָלט אייך זען.

— אָנגענעם דאָס צו הערן. איר גלויבט אין טעלעפּאַטיע?

— וווּהין, האָט זי געפרעגט, איז אייער רייזע?

— קיין כפר־גלעדי.

— אויב אַזוי וועלן מיר זיין נישט ווייט פון זיך. איך פאָר קיין חניתה.



דער קליינער מרחק צווישן חניתה און כפר־גלעדי ווי אויך די פרייע צייט האָבן דערמעגלעכט אונדזערע אָפטע טרעפונגען.

דעם האָריזאָנט האָבן געצייכנט בלאַסע סילועטן פון נידעריקע באַרג־פּראָפּילן, סודותפול האָט אַ שאָטן זיך אויס־געשפּרייט צופוסנס פון טאָל. אין די אָוונטן האָבן ליכטער פון די אַרומיקע ווייטערע און נאָענטע ישובים ווי שטערן פאַר־בלאָנדזשעטע געשימערט און געפינקלט.

פון ווייטן, צווישן די זייטן־בוימער, וועלכע האָבן גע־גאַרטלט די געשלענגלטע שמאָלע וועגן, וואָס האָבן געפירט פון חניתה, פלעגט זיך אויסטיילן איר הויך־וווּקסיקע, עלאַס־טישע געשטאַלט און די געשווינדע באַוועגונגען פון איר גאַנג. מיט פאַרבענקטקייט פלעג איך אָפּוואַרטן די מינוט פון איר קומען. מיר פלעגן זיך טרעפן ביים אַמפיטעאַטער פון כפר־גלעדי. די לאַנגע שמועסן, דאָס צוזאַמען פאַרברענגען, האָט די נעכטיקע באַקאַנטשאַפט זיך אויסגעבונדן אין אַ סימפּאַטי־שער פריינדשאַפט. יעדער טאָג, יעדע שעה האָט אונדז דער־נענטערט, אויך דער אונטערשיד אין עלטער איז ווי פאַר־שוווּנדן אין פאַרגעסנקייט.

אָנגענעמע אָוונטן. טיילמאָל פלעגט אַ שאַרף־ווינטיקע שניידיקייט אַדורכרייסן די האַרבסטיקע שטילקייט.

עס פלעגן מיך ווײלן די אימפּראָוויזירטע פלוידערייען,

וועלכע רות פֿלעגט ליב האָבן צו דערציילן מיט איר באַזונדער מילדן טאָן.

זייער עמפּינדלעך פֿלעגט זי רעאַגירן. איר געזיכט האָט גלייך דערציילט יעדע ענדערונג. גענוג געווען אַ מאָמענט, אַ קאַפּריז, אַ רמז וואָס זאָל מסוגל זיין אַרויסצופֿירן זי פֿון גלייכגעוויכט, נישט זעלטן אויך אַ חלום.

איר לעבנס־פֿריידיקייט פֿלעגט מיטרייסן ביז הפֿקרדיקן לייכטזין. אויך איר פֿילבאַרעדעוודיקייט האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט פֿאַרוויילערישן חן. איר ראַפֿינירטע פֿאַרשאַרט־קייט פֿלעגט דערמאָנען אַ גרויס קינד. אַ קוואַליקער הומאָר האָט געשפּרודלט אין איר זעלישער־פֿרישקייט.

אַ גוטמוטיקע שלווה האָט באַגלייט איר צוטרוי צו מענטשן, איר לייכטגלויביקייט פֿלעגט נישט זעלטן זיך ענדיקן מיט אַנ־טוישונגען. דאָס ספּאָנטאַנע אין איר נאַטור, דער ענטוזיאַזם, אַפֿילו דער לייכטזין איז געווען מלא־חן און האָט פֿאַרמאָגט שיינקייט.

רות איז מיר נאָענט געוואָרן. כ'האָב געליבט אין איר די פֿרוי, געאַכטעט אין איר דעם פֿריינד און מיט דער צייט האָט זיך באַקומען דאָס געפֿיל פֿון משפּחהדיקייט, וואָס האָט פֿאַרטרוילעכער געמאַכט אונדזער פֿריינדשאַפֿט.

יעדע טרעפֿונג אונדזערע האָט געאָטעמט מיט ערנסט־קייט, באַנייערישן נייגיר, יעדע לענגערע אָפּוועזנהייט אירע פֿלעגט ביי מיר אַרויסרופֿן אומעט, לאַנגווייל. עס פֿלעגט זיך פֿאַרגנבענען אַ געפֿיל פֿון פֿאַרדרוס און קנאה אָן אַ פֿאַרוואָס. פֿאַרהוילן סודות פֿון אינטימען פֿילן און באַגערן האָט ווידער־שפּראָכן דעם עמאָציאָנעלן אומרו פֿון אירעליידנשאַפֿטן.

דער הומאָר פֿלעגט זי נישט פֿאַרלאָזן אין די סאַמע קריטישע מאָמענטן פֿון עצבות. גענוג געווען אַ דערמאָנונג

פון אַ פּיקאַנטער געשיכטע, אַ טרעפלעכער וואָרטשפּיל וואָס זאָל ראַשיק ענדערן איר שטימונג. אַ פּריידיקער שמייכל פלעגט באַלעבן דעם זאַפטיקן גרין פון אירע אויגן, ווען זיי זענען אַפילו געווען פאַרגאָסן מיט טרערן.



אין אונדזער שפּעטערדיקער באַקאַנטשאַפט האָט זיך געוומען מערקן אַן ענדערונג: איר צערודערטקייט, אומרו, סימנים פון אומגעדולד, בייסיקער סאַרקאַזם, סקעפּטישע פאַר־נעפלונג האָט פאַרבלאַסט דעם רייץ פון איר נאַטירלעכן הומאָר, פון איר בליציקער וואָרט־רעאַקציע. אירע אויגן פאַר־טרויערט מיט אַן ערנסטער פאַרטראַכטקייט. די פאַרשוויגנקייט אירע האָט אינטימער געמאַכט, אויסגעאיידלטער, סובטעלער איר געזיכט. פרילינגס־באַגערן האָבן אויפגעטויכט אין אירע ליידנשאַפטן, דורשטיק האָבן געגאַרט אירע אויגן.

אויך אין איר אויסערלעכקייט האָט זיך געזען אַ בולטע ענדערונג, אַ פּעדאַנטע אָפּגעהיטנקייט, זי האָט זיך באַמיט אונטערצושטרייכן די פּרויוּשע אייגנאַרטן אין איר גראָדער קערפּער־ליניע. אירע העל־ברוינע קאַשטאַן־האָר האָבן באַ־קומען אַן אָפּגעפרישטן גלאַנץ, דאָ און דאָרט אַ קאָסמעטי־שער שטריך אויף איר העלן געזיכט.

כ׳האָב דאָס אַלץ באַמערקט, זיך געוווּנדערט, אָבער נישט געפרעגט. אויך רות האָט געשוויגן.

איין מאָל האָט זי פאַרטרוילעך, מער מיט רמז ווי מיט וואָרט, געגעבן אַן אָנדייט, אַז זי האָט עמעצן באַקענט. — „כ׳ווייס נישט, — האָט זי אויסגעפּליסטערט, — ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, — איר פאַרשטייט”... —

— וואָס האָט פּאַסירט ?

דער העל אויפגעגאַנגענער פלאָם אין איר געזיכט און דער גלאַנץ אין אירע אויגן, האָבן אַלץ דערציילט. —

✡

דער מאַן וועלכער האָט אַזוי ראַשיק באַומרויִקט אירע געפילן, איז געווען פיל עלטער פון איר. רות האָט ליב באַקומען אין אים דאָס קעגנזעצלעכע צו איר נאַטור, צו איר מענטאַליטעט. די ראָבוסטע, ווולגאַרע האַלטונג זיינע, די אומגעצוימטע גליסטונגען. ווער ווייסט, און אפשר האָט ער זי אויף זיין שטייגער געליבט ? —

מער איינגערעדט ווי פאַרליבט איז רות אין אים געווען. אין מאָמענטן פון שוואַכקייט, אויך טיילמאָל געטראָפן פון זיין צינישער באַציונג, פלעגט רות זיך אויסרעדן ; — אַז זי באַמיט זיך צו דערווייטערן פון אים, אָבער גלייכצייטיק ליידט זי פון זיין אָפּוועזנהייט. אַ געמיש פון גליק־רויש און צער, האָבן זי פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַסיוון קרבן פון איר אייגענער הילפלאָזיקייט.

מיר איז ליב געוואָרן איר פאַרליבטקייט, כאָטש נישט פריי פון קנאה. אין אירע ליידנשאַפטן איז געווען די ריינקייט פון אַ קינדערישער טרער.

ישוב הדעת און געפיל האָבן פאַרטיפט איר אומעט, אין קריטישע מאָמענטן, ביז פאַרצווייפלונג.

✡

צום ערשטן מאָל אַז רות האָט באַזוכט מיין וווינונג. געווען איז עס אין אַ קילן פרימאָרגן אין די אָנהייב־טעג פון חודש־מיי. מיט אָנגענעמער שפּאַנונג האָב איך אָפּגעוואַרט

איר באַזוך. מיט איר קומען האָט אַ יום טובדיקייט אָנגעפילט מיין וווינונג.

רות איז מיר פאָרגעקומען אַנדערש און אינטערעסאַנטער ווי אַלע מאָל. נישט די ערשטע באַגעגעניש איז דאָס געווען אונדזערע און דאָך האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון ערשט־קייט. אַ לייכטער ציטער האָט דורכגעפיבערט מיין שפּירן דערפילנדיק דעם קרעפטיק־פריינטלעכן האַנטדרוק אירן.

אָנגעלייגט איז געווען דער קעגנאיבער ביי מיין טיש. די בעכערלעך אָנגעפולטע, האָבן פייערלעך אויסגעקלונגען אַ לחיים!

דער פירעקיקער טיפער דעקאָלט פון איר פיקע־ווייסן קלייד האָט אַזוי אָנזעעוודיק אויסגעטיילט דאָס אינטים־קער־פערלעכע. בויגעוודיק, עלאַסטיש־פאַררונדיקט איז געווען איר שמאָלע טאַליע. מוטערלעכע וואַרעמקייט האָט זיך געטראָגן פון איר פולברוסט. איר נאָענט האָט געלאָקט און גערייצט.

אין קאָנטראַסט צום קופער־גאָלדיקן רעפלעקס פון אירע קורץ־געשוירענע האָר, האָבן אירע אויגן־אַפּלען געשיינט מיט אַ פרישקייט פון פרוכט־זאַפטיקן קילן גרין און עס האָבן זיך בולט געצייכנט די קין־רונדן אין איר פנים, די פיינע ליניע פון איר לייכט־פאַרריסענער נאָז.

מיט נייגיר האָט רות באַטראַכט יעדעס ווינקל, די בילדער אויף די ווענט, צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער און אָנ־גערירט מיט איר האַנט די פונאַנדערגעבליטע צווייגן פון בוים.

— ווי רויִק און שיין דאָ איז, האָט זי אייניקע מאָל איבער־געחזרט, די בליטן דרינגען ממש אַריין אין אייערע פענצטער.

— ווי ווונדערלעך דאָס זאָל אייך נישט פאָרקומען, — האָט רות שטיל געזאָגט, — מיר דאַכט זיך, אַז נאָר בעת מיר פעלגן זיך באַגעגענען אין דער ערשטער צייט, — זייענדיק

ווייט איינער פון אַנדערן, זענען מיר געווען נאָענט צו זיך. האָט איר נישט אַן ענלעך געפיל?

ס'איז אָנגענעם געווען צו שפירן דעם באַריר פון אירע פינגער אויף מיינע אַקסלען.

נאָך אַ לחיים, און ווידער זענען צו רייד געקומען יענע אינטימלעכקייטן, וועלכע האָבן באַלאַסטעט איר געמיט און פון וועלכן געפילס־פּלאָנטער ס'איז איר שווער געווען זיך צו באַפרייען. איר געזיכט האָט דערציילט פאַרזאָרגטקייט, פאַרבאָרגענעם צער און באַדאַרף זיך אויסצורעדן, דערציילן, געפונען אַ דערלייכטערונג.

מיט אַ פאַרשפּיצטער, פאַרשערישער דורכדרינגלעכקייט האָבן אירע בליקן נאָכגעפאָלגט מיין רעאַקציע. אויפמערקזאַם האָב איך זיך צוגעהערט צו אירע רייד און געשוויגן.

אין דיסקרעטער אומרויִקייט האָבן אירע דראָבנע פינגער געצופּט די פרענדזלען פונעם קליינעם טישטעכל אונטער דעם אַש־בעכער. אַ נערוועזער צאַפּל האָט זיך געזען אויף אירע הויך־געהויבענע ברעמען און אַ שמערצלעכער גרימאַס האָט זיך איינגעשניטן איןביידע זייטן פון איר מויל,ליידנשאַפט האָט געפייכט אויפן בלאַס־רויט פון אירע ליפּן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ וואַרעמקייט הילט מיך נאָך היינט אַרום ווען איך דער־מאָן זיך יענע צייט, ווען די יונגע רות, וועלכע איז מסוגל געווען מיט איר שטיפערישער פאַרשאַרטקייט אַרויסצורופן אין מיר אַזוי פיל שמחת־החיים, געמיט און ליבשאַפט.

נאָך וואַכט אין מיר יענע ערשטע באַגעגעניש ביי דער אויטאָבוסן־סטאַציע, נאָך מיין פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל. כ'פיל נאָך אירע פריינטלעכע הענט אויף מיין האַלדז און דעם וואַרעמען הויך פון איר אָטעם.

# אָפּרופן:

„אפרים שרייער באַווייזט זיך ווי אַ שטימונגס און סטיל־מייסטער אין דערציילן. ער קומט אין די „בלעטער" מיט אַן אייגענעם טאָן. מיט זיין בילדלעך לשון און מיטן כח אַריינצופירן אין אַ מערקווירדיקער שטימונג פון אומעט און פרייד; אַן אומעט וואָס קומט פון גרויס געזאַנג און פרייד, וואָס עס רופט אַרויס מילדע זון־שטראַלן". —

**שמעון קאַנץ — („כח פון אות")**

„פון די „בלעטער" טראָגט זיך דער הויך פון אייראָפּעאישקייט וואָס איז געקומען צום מחבר פון צוויי זייטן: פון דער עסטרייכיש־דייטשער ליטעראַטור און פון דער פוילישער". —

**יצחק יאַנאַסאָוויטש — („פאָלק און מדינה")**

„נהניתי מן הסיפורים הליריים שיש בהם הרבה „נשמה" והם כווינאטות לחיים". —

**אהרון מגד**

א. שרייערס וואָרט איז כישופדיק געבונדן מיט דער טראַדיציע פון דער פאַרמלחמהדיקער יידישער ליטעראַרישער יצירה, — איז היימיש מיט דער מיסטעריע פון דער פען, פונעם וואָרט". —

**י. צבי שארגעל — („ביי זיך")**

„אַ קלימאַט, אַ מילדער וואָס רופט אַרויס וואַרעמע געפילן לאַנג־פאַרגעסענע, אָבער נישט פאַרלאָשענע, ווירקט און לאָזט אַריין אין אַן אַטמאָספער פון דער־הויבנקייט". —

**ד"ר נח גריס — („צוקונפט")**

„מיט געפיל ווי מיט אַן אַקוואַרעל, אָדער פעדער־דינעם שטריך צייכנט ש. זיינע ראָמאַנטישע פרויען. עסטעטישע בילדער, עלעגאַנטע, דעליקאַטע, נישט באַלאַסטעט מיט קיין שמץ פון וווּלגאַרקייט". —

**נתן גראָס — („על המשמר")**

די שורות ווערן באַהויכט מיט אַ לירישן אָטעם — אַ שרייבער מיט קולטור און אינטימער באַציאונג צום אָביעקט". —

**ש. וואָרזאָגער — („ישראל־שטימע")**

„פון אַלע שילדערישע ניואַנסן באַקומט זיך די האַרמאָניע צווישן די אויסערלעכע און אינערלעכע אייגנשאַפטן און די געשטאַלטן". —

**י. דר — „מאזנים")**

„וואָס קען זיין אינטים־ראָמאַנטישער ווי „בלעטער פון מיין אַלבאָם"? פון רעאַלן קערן אויסגעוואַקסן, געפּאָרט מיט זיין אידייען באַנעם". —

**פייוול זיגעלבוים — („ישראל־שטימע")**

„מען באַוווּנדערט די וואָרט־מוזיק און ריטמישן ניגון, וואָס רופן אַרויס דעם ציטער פון גרויסער און שיינער ליבע". —

**ש. פּאָליאַקעוויטש — („דאָ")**

„וואַרעם, אינטערעסאַנט, אימפּרעסיאָניסטיש. אינטימע מאָמענטן באַשריבענע מיט אַ דינער פען און שפּאָרעוודיק". —

**ק. ר. ברתיני**

פון זעלביקן מחבר :

**אירענא אייכלער**

(קריטישע סטודיע), וואַרשע, 1939

**פראָבלעמען פון קינסטלערישן שאפן**

פאַרלאַג „נייוועלט", מינכען, 1948

**אמנות ותיאטרון**

הוצאת י. ל. פרץ, תלאביב, 1958

**דיוקן ומסכה**

הוצאת מחברות לספרות, תל־אביב, 1965

**ביי היימישע שוועלן**

הוצאת י. ל. פרץ, תל־אביב, 1976

**עלי אביב**

הוצאת י. ל. פרץ, תל־אביב, 1979

**בלעטער פון מיין אלבאָם**

הוצאת י. ל. פרץ, תל־אביב, 1978